יצחק פּערלאָוו

# אונדזער לקוי־חמה

## לידער

**1946 — 1939**

אַרויסגעגעבן דורך פּועלי־ציון (צ. ס.) אין דייטשלאַנד.

מינכען 1947 יאָר

## ליבער לעזער!

דאָס בוך, איז דיין אייגענטום.
לאָז עס נישט איבער דאָ, אין לאַנד
פון שייטערהויפנס!
אַלץ איינס, מיט וועלכן וועג, די וועסט
אַוועק פון דאַנען, וווהין די וועסט קו־
מען—
נעם דאָס בוך מיט זיך מיט!

איך דריק־אויס מיין הערצליכן דאַנק
דעם רעדאַקטאָר נאַטאַן זילבערבערג, פאַר דער
פאַרשטענדעניש און טעכנישער הילף צום דערשיינען פון בוך.
דער מחבר

Special Issue of „Unser Moment“
Licensed by Military Government of Bavaria
I.C.D — Press Branch
Licensed Editor: Nathan Silberberg
Printed by „Mittelbayerische Zeitung“, Regensburg

## מיין זונעלע בן־עמי!

דו ביסט איצט קוים אײן יאָרעלע אַלט — און שוין אַדורכגעמאַכט אַ גלות־װעג, פון צװעלף טויזנט קילאָמעטער.

און ביסט נאָך אַלץ אין װעג.

פון דער תמא׳דיקער ערד פון אונדזערע מער־דער, ימת שמם װכרם, ביז צו אונדזער הײ־ליק לאַנד ארץ־ישראל, איז נאָך װײַער, װײַער װײַט — — —

אָבער דו װעסט זיכער קומען אַהין, מײן קינד, און אויף צו להכעיס אונדזערע שונאים, װעסט דאָרט װאַקסן אַ שטאָלצער, פרײַער, גליקלעכער ייד. װעסט װאַקסן מיט אַ דור, װאָס װעט װעגן גלות װיסן, בלויז פון ביכער.

דיר, מײן קינד, שענק איך מײן בוך „אונדזער לקוי־חמה", מיט אַלע פיבערן פון מײן נשמה.

**דײַן טאַטע יצחק פערלאָװ.**

**מינכען, 1946 יאָר.**

דער קוימען פון טרעבלינקער קרעמאַטאָריע,
רויכערט אַלץ נאָך אין מיין דמיון.
מיטן רויך פון קוימען, שטייגט אַרויס מיין מאַמע
און מיט צעשפרייטע הענט, זי טראָגט זיך צו די הימלען.

אַ געלייטערטע פאַרלאָזט זי אונדזער ערד
און לאָזט איר זון אין טאָל פון יאָמער.
מיטצושטאַרבן נישט געווען איז מיר באַשערט
און נישט באַשערט דער טעם אויך פון נקמה.

איך שלינג דעם משאַד פון די פאַרברענטע לייבער,
וואָס די נשמות רוען שוין אין הימלען. —
דער קוימען פון טרעבלינקער קרעמאַטאָריע,
רויכערן וועט אייביק אין מיין דמיון. — — — —

היידענהיים ברענץ, 1947.

# לקוי־חמה

וועמענס מזל ס׳איז א שטערן,—
פירט אים איבער ערד און ימען;—
מיין פאָלק באַגלייט אויף אלע וועגן,
אומעטום א לקוי־חמה.

כאָטש זאָג אין מיטן טאָג „גוטן־אָוונט“
און צינד צו שחרית אן הבדלה;—
געפאַלן איז אויף אונדז גאָטס צאָרן,
עד. עס רוט אויף אונדז א קללה.

וויינט דער ווינט אויף דודס פידל,
אויף דער סטרונעלע דער דינסטער;—
אויף די שליאכן וואָגלען יידן
אין דער פינסטער, אין דער פינסטער.———

לעמבערג 1939.

# כ׳האָב געזען:

אַ מאַמע מיט אַ קינד אַ פאַרשמאַכטס,
איז אַריבער די גרענעץ אין מיטן דער נאַכט.

ס׳איז הארבסט, קלאָגט דער ווינט, ווי אַ הארף—
דאָס וואַסער אין בוג, איז שניידיק און שאַרף.

די מאַמע, פאַרקרימט איז איר פּנים פון פּיין,
די מאַמע, זי לאָזט זיך אין וואַסער אַריין.

דאָס קינד, אויפגעהויבן אויף די הענט, אינדערהויך—
דאָס וואַסער האָט איבער איר קאָפּ שוין דערגרייכט.

פאַרציטערט דער ווינט, האלט דעם אָטעם פון שרעק:
ס׳טראָגט איבערן בוג זיך אַ העלינקער פלעק.

דער ווילן צום לעבן, איז גרויס, יאָ, איז גרויס—
אָט גייט זי, די מאַמע, פון וואַסער אַרויס.

עס רינט פון די האָר, פון די הענט, פונם קלייד.
ס׳איז הארבסט. קלאָגט דער ווינט, ווי אַ זילבערנער פלייט.

די מאַמע, עס איז איר נאָך לעבן באַשערט—
זי פאַלט אויף די קני און נעמט קושן די ערד,

די זאַמדן, די פייכטע, פון צוויימן זייט ברעג,—
כאָטש זי ווייסט, אַז נאָך ווייט, אין געפאַר ליגט איר וועג.

אַט הויבט זי זיך אויף און דאָס פּנים, עס לאַכט
און לאָזט מיטן קינד זיך אַוועק אין דער נאַכט. — — —

זיי גוט צו איר נאַכט! און פאַרהיט פון געפאַר!
פאַרנעם פון א יידישער מאַמען דעם צער!

וויש־אָפּ זיירע טרערן, אָ, האַרבסטיקער ווינט,
פון דער יידישער מאַמען, פון יידישן קינד.

פאַרטריקן די זומפּן, פאַרטריקן דעם ליים; —
ס׳ווערט חרוב דער גלות, נאָר ווייט איז אַ היים.

ביאַליסטאָק, 1939.

# פליטים

שיט און שיט אַ שניי אַ פּייכטער,
מיטגנאַכט. אין מיטן מאַרק,
שטייען ביעזשענצעס און דרימלען
מיט די פּעקלעך אויפן קאַרק.

צו אַ סלופּ און צו אַ ביידל
צוגעטוליעט, אָנגעשפּאַרט;—
ווער קען רוהיק דען פאַרבייגיין?
ווער קען צוקוקן דעם צער?

אַ קינד אַ קראַנקס, מיט לעצטע כחות,
זויגט דעם קליי פון מוטערס ברוסט;—
שניידט די מוטער דורך די שטילקייט
מיט אַ כריפּענדיקן הוסט.

אַ זקן פינטלט רויטע אויגן—
ניין, עס שלאָפט זיך נישט דעם גרייז.
איבער אים, אַ קראָ, אַ שוואַרצע
קראַקעט, דרייט זיך אין אַ קרייז.———

ביאליסטאָק, 1939.

# קוויטעלעך

קוויטעלעך בלייכע
שרייען פון ווענט:
„ווער האָט געזען, ווער?"
„ווער האָט דערקענט?"

קוויטלעך, ווי קראַנקע,
אַרויס פון שפּיטאָל,
זיי רופן, זיי מאָנען,
זיי שרייען אַן קול.

זיי רעדן מיט ווערטער
פון בלוי און פון טינט:
„ווּ איז מיין מוטער?"
„ווּ איז מיין קינד?"

אָ, קוויטלעך געקרייציקטע,
געגאָגלט צו ווענט,—
אַריבער איז דער,
וועלכער האָט נאָר געקענט...

ווער ס'איז אָפּגעקומען
מיט שמיץ פון אַ ביימש
און ווער ס'האָט געמיטן
די קויל פונם דייטש.—

נאָר קוויטעלעך שרייען
מיט שווידער אין בליק:
„מיין מאַן ווער ט'געטראָפן?"
„מיין פרוי ווּ?" „מיין גליק?"— — —

ביאַליסטאָק, 1939.

# שקיעות

וווּ האָב איך געזען אַזעלכע שקיעות?—
לאָמיר זיד אַקאָרשט דערמאַנען:
אונטער די פאַרטרערטע וויעס
פון אַ וואָגלענדיקער מאַמען?
אין די שריפות פון ישובים,
דורך וועלכע כ׳פלעג אין אַנגסט דורכשפּאַנען?
צי אין בלוט-קאַלוזשעס פון הרוגים,
צעזייטע איבער פוילנס לאַנען?—
וווּ האָב איך געזען אַזעלכע שקיעות?
לאָמיר זיך אַקאָרשט דערמאַנען— — — —

לענינגראַד, 1940.

# אַ פּאַלמע

ווען מיר זענען אַוועק
און אַרויס אויפֿן וועג
פֿון הינטישע נעכט
און שטויביקע טעג —
האָט אונדז די סאָסנע באַגעגנט,
מיט טויאיקע טרערן צערעגנט
און מיט דופּטן געדעמפּטע געזעגנט.

עס איז די בּיעראָזקע געוואָרן נאָך בלייכער,
דער דעמב איז געוואָרן היינט מילדער און ווייכער,
דער טאָפּאָל, דער שטאָלצער, מ׳זיין קאָפּ אָפּגעבויגן,
דער קאַשטאַן־בוים זוכט: ווו באַהאַלט מען די אויגן?
די ווערבע, זי האָט זיך געבראָכן אין דרייען,
ווי זי וואָלט געוואָלט זיך פֿאַר אַלע צעשרייען:
— ווו, קינדערלעך, גייט איר אַוועק?
און ס׳האָבן זיך קוסטן צעסודעט מיט אומרו,
צעסודעט מיט שרעק.

ווען מיר זענען אַוועק
און אַרויס אויפֿן וועג
פֿון הינטישע נעכט
און שטויביקע טעג —
זענען בוימער געשטאַנען מיט צווייגן צעשטרעקטע,
ווי הענט פֿון זקנים, וואָס ווייזן דעם וועג,
עס האָבן די קראָען, זיך איבערגעוועקטע.

צעקראַקעט, צעפּאָכעט די פליגל, דעם עק.
וואָלטן בוימער געגלויבט: זײַערע צווייגן די שטאַרע,
וואָס האָבן פון טרויער, נאָך שטאַרער געשטאַרט —
זיין וועלן תליות פאַר העלדזער, פאַר דאַרע?—
עס האָט יעדע צווייג אויף אַ קרבן געוואַרט. — — —

ווען מיר זענען אַוועק
און אַרויס אויפן וועג
פון הינטישע נעכט
און שטויביקע טעג —
מיר האָבן בײַם קלויסטער, מיט פענצטער צעגלאַנצטע,
געטראָפן אַ פאַלמע, אַן איבערגעפלאַנצטע,
וואָס צווישן טאָפּאָלן און צווישן קאַשטאַנען,
זי האָט שוין געגוססט, געהאַלטן אין וויאַנען.
נאָר דאָ, אַ דערשטוינטע פון אונדזערע טריט,
ווי זי וואָלט באַנומען, ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען —
זי האָט זיך צעוויגט, ווי געוואָלט אונדז באַגריסן,
זי האָט זיך צעוויגט און פון אָרט זיך געריסן,
ווי זי וואָלט זיך בעטן:
— נעמט מיר מיט זיך מיט! — — —

זאָל זיין, אַז מיר דוכט זיך? —
ניין. איך וואָלט געשוואָרן:
די פאַלמע איז פרישער,
איז גרינער געוואָרן —
עס האָט זיך די וועלקנדע פאַלמע
צעבליט!...

ווען מיר זענען אַוועק
און אַרויס אויפן וועג
פון הינטישע נעכט
און שטויביקע טעג — — — —

אַשכאַבאַד, 1943.

# וואַרשע ברענט

— וואַרשע ברענט פון אַלע זייטן!
— וואַרשע ברענט פון עק, ביז עק! —
כאָטש איך בין שוין פון דער ווייטן,
גיים מיר טרויער נאָך און שרעק.

רויבער־יונגען, ווי די ראָבן:
— היי, דו זשיד! וואָס טראָגסטו דאָרט?
— גלידער פון מיין קינד, באַגראָבן
טראָג איך אויפן גוטן־אָרט.

— כאַ־כאַ־כאַ!... —מען זשליאָקעט ליקער,
אַ יידיש ווייַן־קראָם איז צעשמעטערט.
דאָ, בגניבה, רייסט מען שטיקער
פלייש פון אַ דער׳הרגעט פערד.

אַרטילעריע האַלט אין קראַכן,
עראָפּלאַנען שיטן שרויט; —
דעזערטירן הילכיק לאַכן:
— וואָס מיר לעבן? וואָס מיר טויט?

פאַלן דעכער, ווענט און באַלקן,
שיט זיך ציגל, גלאָז און גרוז.
ס׳לעבן נעבעכדיקס, באַהאַלטן,
לויפט מען באָרוועסע צופוס.

לויפן יידן, יאָגט זיי שנאה
און זי טרעפט זיי, ווי אַ שפּיז:
— ווו לויפסטו זשיד? קיין פּאַלעסטינע?
לויף געזונט און ברעך די פיס!... — — —

נאָוואָ־אווּיעמסק, 1941.

# ווייסע נעכט

לענינגראַדער ווייסע נעכט
און יידישע חלמות שוואַרצע—
ווי פּאָרט איר זיך צוזאַמען אין האָטעל „אינטוריסט“?
ס׳געלעגער איך פאַרשוועך
מיט אַנונג וועגן קאַרצער,
געטאָס, לאַגערס, שייטערס, ביי דעם היטלעריסט.
אין די אַפּלען שטעכט,
ווי שפּיזלען וואָלטן שטאַרצן—
ריים איך אויף די וויעס,— מיך לענינגראַד באַגריסט!...
איך שפּרייז אין ווייסע נעכט
און טרייב חלומות שוואַרצע—
וואָס ווייטער פון געלעגער, פון האָטעל „אינטוריסט“!

לענינגראַד, 1940.

# קאָשמאַרן

טעג פון טרויער, שרעק און צערן,
נעכט פון בלוטיקע קאָשמאַרן.
וועל איך דען אַמאָל פאַרגעסן
מיינע וואָגלענדע מעת־לעתן?
כ׳האָב אין רויך געלאָזן וואַרשע
און מיין לעבן קוים גע׳ירשנ׳ט
פון דער שטאָט, וואָס איז מיר טייער,
און געטראָגן עס דורך פייער,
דורך אַ האָגלעניש פון קוילן,
דורך אַ זיפּעניש פון גרוילן.
כ׳האָב געטראָטן איבער פּגרים,
כ׳האָב אַליין געגראָבן קברים
און באַגראָבן זקנים, קינדער,
קעפּ—באַזונדער, פיס—באַזונדער.
ס׳האָט דאָס האַרץ מיינס זיך געבראָכן,
אין שוואַרצאַפּלען האָט געשטאָכן
טעג פון טרויער, שרעק און צערן,
נעכט פון בלוטיקע קאָשמאַרן— — —

מאָסקווע, 1940.

# האַם

האַם פון מזרח, האַם פון מערב,
האַם פון דרום, האַם פון צפון;—
איז וווּהין ביסטו געגאַנגען?
איז נאָכוואָס ביסטו געלאָפן?

האָסט געוואַכט אין שרעק, אין אומרו,
אין קאָשמאַר ביסטו געשלאָפן;
עס שפּאַנען אום אַנטיסעמיטן
און אין האַנט זיי בלוטיקט וואָפן— — —

האָבן שכנים צוויי געקריגט זיך—
האָט דער שטיין נאָר דיר געטראָפן.
ווער האָט נישט געזויפט דיין בלוט נאָך,
מיט אַ בורא פרי הגפן?

דאָך טײַטלען אויף דיר אַלע פינגער:
דו ביסט שולדיק, דיר מ׳מען שטראָפן!
איז בײַ וועמען קענסטו בעטן?
איז אויף וועמען קענסטו האָפן?

פאַר אַלע פעלקער, די גלותים,
האָבן אָנהויבן און סוף׳ן—
נאָר פאַר דיר איז האַם פון מזרח,
האַם פון מערב, דרום, צפון,

לעמבערג, 1939.

# אַ גלגול

אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, איז אַ גלגול,
אַ נשמה, וואָס בלאָנדזשעט אַרום
און זוכט, ווו צו ווערן מגולגל
און האָבן אַ ביסעלע רו.

זאָל זיין אין אַ חזירשן קערפּער,
זאָל זיין אין אַ שלאַנג, אין אַ הונט,
זאָל זיין אין אַ קראָ, אין אַ לעמפּערט—
נאָר האָבן אַ ביסעלע רו.

אַ פאָלק אָן אַ לאַנד איז פאַרשאָלטן
דער תוהו־ובוהו איז גרויס.
ווו ס'זאָל זיך אַ גלגול באַהאַלטן —
טרייבט מען אים תמיד אַרויס.

ראָוונע, 1939.

# וואַקזאַלן

אַזויפיל וואַקזאַלן,
אַזויפיל וואַקזאַלן —
קיין איינער פון זיי מיין געמיט מאַכט נישט הייטער.
זיי קוקן מיר שטרענג אָן
מיט פרעמדקייט, מיט קאַלטקייט:
נאָכוואָס דאָ געקומען? פאָרט ווייטער, פאָרט ווייטער!

עס ליגן אין רעלסן
געבונדן די מיילן,
דער צוג לויפט אַ ווילדער, דער צוג לויפט פאַרשייטער.
די שטרעקעס, זיי כאַפּן
אַ קוק דורכן פענסטער
און שפּאַסן און רייצן: פאָרט ווייטער, פאָרט ווייטער!

און מיר, אין וואַגאָנען,
אַזוי־ווי פּאַקעטן,
וואַלגערן, שאָקלען זיך לאַנגע מעת־לעתן.
ווזהין־זשע? ווזהין זשע?—
ס'האָט דער איבערזענדער
פאַרגעסן אויף אונדז אָנצושרייבן אַדרעסן.

און מיר זענען סחורה,
אויף וועלכע, מען פרעגט נישט.
מיר זענען, ווי בראַק, וואָס מען שיקט אָפּ חורה.
אַזויפיל וואַקזאַלן,
אַזויפיל וואַקזאַלן
און יעדע לאַמטער קומט, ווי אַן עין־הרע.

סאַראַטאָוו, 1941.

# ווער קען שמייכלען?

ווער קען שמייכלען אויף די וועגן
און דעם מידן קאָפּ נישט בויגן?—
יעדע שעה, ניין, יעדע רגע
ליגט אַ מת פאַר דיינע אויגן.

אָן תכריכים און אָן טהרה—
ווער אין געלאַף, זיין רעכט קען טאָן אים?
דו ווייסט, דער מת איז נישט קיין פרעמדער,
כאָטש ס'איז צוגעדעקט זיין פּנים.

ס'איז נישטאָ פון לאַנג קיין טרערשווין
פאַר דער ציטערדיקער וויע
און קיין שטיקל אָרט אין בגד,
וווּ מען קען נאָך רייסן קריעה.

קאָוועל, 1939.

# עס זילבערן בערד...

די ערד קומט נישט קיינמאָל צום הימל —
דער הימל, ער פֿאַלט צו דער ערד:
ס'האָבן נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געזילבערט,
ווי איצטער, די יידישע בערד.

אַרויס פֿון דער היים יונגעלייטלעך —
זיי זענען שוין זקנים אַצינד.
עס איז אַ געקניימשטער דער שטערן,
דער רוקן געבויגן, ביים קינד.

פּנים'ער קען איך אַזעלכע,
וואָס שמייכלען זיי וועלן שוין נישט; —
וועט קומען אַ פֿרייד, וועט זי שטענדיק
מיט גיפֿט, ביי זיי, זיין אויסגעמישט.

און הערצער, איך קען אויך אַזעלכע,
פֿון צאָרן אויף אייביק פֿאַרסמט; —
זיי וועלן אַזוי שוין דערטליען
און קיינמאָל נישט ווערן צעפֿלאַמט.

סטאַלינאַבאַד 1942.

# מאַכאָרקע

שענקט מיר אַ ביסל מאַכאָרקע ר״ ייד,
צו פאַרדרייען אין ציימונגס־פּאַפּיר.
ווי גוט איז, צו רוען אין וועג, ווען ביסט מיד
און ס׳קושט אַ קיל ווינטעלע דיר...—

די שיך זיינען — שווער, מיט פאַרטריקנטן ליים,
זיין בליק קוקט צום מערב פאַרבענקט.
— איך וועל אייך דערמאַנען אַמאָל, אין דער היים,
אַז איר האָט מיר מאַכאָרקע געשענקט...

אַז געווען איז דאָס לאַנג... מיט יאָרן צוריק...
אין ביטערן וואַנדערער־וועג,
ווען ס׳האָט זיך געהאָנגען דער חלום פון גליק,
דער חלום פון ליכטיקע טעג.

און איר האָט אים באַגראָבן דאָ, הינטער אַ פּלויט
און יאושדיק ווייטער געשפּאַנט— — — —
— לחיים!... — דער וויין וועט צעפינקלען זיך רויט
אין בעכער, ביי אייך אין דער האַנט...

די אָפענע פענסטער פון אייער הויז—
ווי פליגלען פון מעוועס, צום ים.
אייער אייניקל שטיפן ט׳ביי אייך אויפן שויס
און זינגען מיין ליד מיטן גראם...

אַ דאַנק פאַרן ביסל מאַכאָרקע, ר״ ייד,
פאַר פייער, פאַר ציימונגס־פּאַפּיר.
ווי גוט איז צו טרוימען אין וועג, ווען ביסט מיד
און ס׳קושט אַ קיל ווינטעלע דיר.— — — —

אוראַלסק, 1941.

# מזכיר נשמות

„ס'איז נישט פאַר אַלטע פליגל, אַזוי ווייט צו פליען,
„ס'איז נישט פאַר אַלטע פיס, איבער די גרענעצן צו גיין"—
אַוועק ז'דער יונגער דור, ווי טשאַטעס פויגל ציען,
אין אָנבליק פונם הארבסט, צו אַ וואַרימער היים.

און ווער ס'איז געבליבן — אין אַנגסטיקן שווייגן,
שוויים אַפן שטערן, גרויל אינם בליק. — — —
אַזוי־ווי אַ טכויר קומט אין הינערשע שטייגן,
איז היטלער געקומען, געשטיקט און געשטיקט.

ווי עס שליווכצט־אויף אַ לאָמפּ, ווען ער האַלט שוין ביי גסיסה,
ווען ס'גרייכט שוין דער קנויט נישט דאָס ביסעלע נאַפט; —
— אַז רעב איז מיתה און חנק איז מיתה —
טאָ זאָל שוין זיין הרג! און ווייז אויך דיין קראַפט! — — —

כ'בין מזכיר־נשמות די קדושים ותהורים
פון וואַרשעווער געטאָ, אין פינסטערער נאַכט.
צעבראָכענע זקנים, ווי יונגע גבורים
זענען אַרויס אין פאַרצווייפלטער שלאַכט.

אַלמאַ־אַטאַ, 1944.

# איך בין מיד

איך בין מיד.
מיינע וואַקלענדיקע טריט
קענען נישט דערטראָגן
מיין מונטער ליד.

דער וויטיק, ביז ליפּן צו בייסן,
צעבלאָטערט, צעריסן, צעשטאָכן;—
איך האָב מיינע קני, פון דער ווייסל,
ביז צו דער וואָלגאַ, געבראָכן.

מזל, ביסט גרויזאַם מגזם!—
איך וואָגל איצט אין מיטל־ אזיע,
נישט אַליין, נאָר מיט יידן אַן עדה.
מיר האָבן דעם טרויער געבונדן,
דעם טרויער געבראַכט צו עקדה,
ביז ס׳האָט דער סנה זיך באַוויזן,
וואָס ברענט און ווערט נישט פאַרברענט;
איך האָב אין מיין פּאָלק אין צעבראָכענעם
מיין ליכטיקע האָפנונג דערקענט.
דערזען כ׳האָב אין יידישע אויגן
עקשנות און דרייסטן פאַרלאַנג—
און דאָ איז געבוירן־געוואָרן
מיין נייער, מיין מונטער געזאַנג!...

איצט לויפט ער פאַראויס
און אַנטלויפט פון מיין וויטיק.
איצט לויפט ער פאַראויס
מיט אַן אָנזאָג, אַ פריידיקן.
נאָר איך אַליין בין מיד.
מיינע וואַקלענדיקע טריט,
קענען נישט נאָכיאָגן
מיין מונטער ליד.

כ'וועל אויסרוען פלייש און געביין,
פאַראַנען איז פרייד אין מיין גיין.
קרעפטיקן וועלן זיך טריט,
זיי מוזן,
זיי וועלן,
דעריאָגן
מיין מונטער ליד!...

בוכאַרא, 1942.

# דיאַלאָג מיטן האַרבסט

און ווידער פאַלן געלע בלעטער
אין די גאָלד־צעגליטע טעג,
ברומט דער ווינט: — ס׳איז האַרבסט שוין שפּעטער
און ביסט אַלץ נאָך, אַלץ אין וועג! — — — —

— מילא, בין איך, אַבי כ׳בין נאָך!...
בין איך — וועל איך אפשר זיין!...
כ׳בין געשלאָפן שוין נ׳אַ קינאָ,
נ׳אַ צירק, אַ פּאַרק, און אַ סאַריי,

אויף אַ בית־עולם, אין אַן אוהל,
אָפּגעכראָפּעט שוין אַ נאַכט —
און כ׳האָב קיין טענות נישט צום מוהל,
וואָס האָט מיר דערצו געבראַכט...

אַן עק דאָך נעמט צו אַלע וועגן
מיט דערנער, שטיינער, זאַמד און ליים;—
איך וויים: עס וואַרט אַ ווייך געלעגער
אין מיין וואַרימער, ליבער היים...

עס וואַרטן שיך, עס וואַרטן זאָקן,
ס׳וואַרט אַן אַנצוג און אַ הוט; —
וואָס־זשע זאָל איך זיין דערשראָקן
אין אַ האַרבסטיקער מינוט?...

אַ פרישע העמד און ברוים מים פוטער
און געווים אויך כרמל־ווײַן...
לאַכן כ׳וועל אַן אויסגערוטער
האַרבסטעניו, פון טאַטן דיין!...

ס׳וועט אַ היימיש ליד זיך גיסן
אַזוי האַרציק און בעטעמט... —
איז וואָס־זשע, האַרבסט, אַז כ׳האָב אַ ביסל
דאָ אין וועג זיך נאָך פאַרזאַמט?

— עך, דו בוים, דו בוים, דו יונגער!
נישט אויף מיר קוק, נאָר אויף זיי:
אויף דיינע באָרוועסע צען פינגער,
אויפן ווינטער מיטן שניי! — — — —

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# אומשטערבליכע

אומשטערבליכע שטאַרבן, ווי שטערבליכע לייט
און שטערבליכע, ווילן אויך לעבן;—
נאָר אַלע פאַרשיט אונדז מיט שטויבן די צייט
און בלויז נאָר לעגענדעס זיך וועבן.

טאָ זאָל די לעגענדע כאָטש בלייבן אויף לאַנג
און זינגען מען זאָל אין געזאַנגען:
„דורך אַלע גהינומס געווען איז דער גאַנג,
דאָך, ענדליך, זיי זענען דערגאַנגען!“

קאָקאַנד, 1944.

# אַ פּאַסטוך

ס'האָט משה אין וועג אונדז געפּעלט ביז אַצינד,
איצט פּעלט אונדז ישוע בן נון.
אַ סטאַדע אָן פּאַסטוך בלאָנדזיעט אום בלינד,
ביי אַן אונטערגעגאַנגענער זון.

ווער זאָל צונויפקלייבן אונדז פון די וועגן,
אונטער דעם אייגענעם דאַך? —
עס שטורעמט, עס פּלייצט אַ שלאַקס־רעגן
און קיינער עס זעט נישט דעם צער.

עס גליען די וועלפישע אויגן גרין,
עס שטשירען די ציין צום פאַרצוק! — — —
ס'האָט משה אין וועג אונדז געפּעלט ביז אַצינד,
איצט פּעלט אונדז ישוע בן נון.

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# זיין שטעקן...

און אפשר מ'גענוג זיין?
און אפשר וועט קלעקן?
אויב קענסט אונדז קיין משה רבנו נישט געבן—
טאָ גיב אונדז זיין איבערגעבויגענעם שטעקן...

אַז גיין ר'זאָל פאַראויס
דורכן מדבר און פירן,
עס זאָל זיך דיין עדה
אין זאַמד נישט פאַרלירן..

ר'זאָל שלאָגן דעם שטיין,
ער זאָל וואַסער אונדז געבן
און שלאָגן דעם וואַסער—
ס'זאָל טריקעניש געבן...

ער זאָל אין די נעכט אונדז
אָפּהיטן פון שרעקן.—
אויב קענסט אונדז קיין משה רבנו נישט געבן—
טאָ גיב אונדז זיין איבערגעבויגענעם שטעקן...

סטאַלינאָבאָד, 1942.

# דער באַראָמעטער

דער באַראָמעטער אין מיין האַרץ,
ווייזט היינט אויף שטורעם.
געדאַנקען פאַלן טעמפּ, ווי ציגל,
ביי בבלס טורעם.

איך יאָג מחשבות בייזע,
ווי מחנות זלידנע פליגן,
און קען זיי גאָרנישט אָפּיאָגן —
דער שטן וועט מיך היינט באַזיגן!

# לית דין

וועסט ברענגען דערצו,
אַז דיין פאָלק מ'זיך צעשרייען:
— לית דין! ולית דין!
לית דין ולית דין!—

עשון האָסטו געגעבן ידים
און יעקבן—
אַ קול נאָר,
אַ שטימע צום שרייען.

שרייט יעקב „געוואַלד!“
און עשו שעכט.
דער שוחט, דער קוילער,
איז תמיד גערעכט.

ביסט טויב צום געשריי
פון פאַרגאָסענעם בלוט—
עס וועט שלאָגן די שעה,
עס וועט זיין די מינוט

און ס'וועט זיך קול־יעקב
דערהויבן און שרייען:
— לית דין
ולית דין!

אַשכאַבאַד, 1942.

# שוטה!...

ווער שאַרט בײַ דער וואַנט זיך
אין זוניקער גאַס
מיט פּלייצעס געבויגן,
ווי אונטער אַ לאַסט?
פון אויגן פאַרטרערטע
קוקט שווידער אַרויס.
זאָל דאָס אַ גלות־ייד זיין?
— שוטה, ווער דען, אַ פראַנצויז?

פאַרשטויבט פון זיין וואַנדער־וועג,
ר׳האַלט אין איין גיין,
קוקט אום זיך מיט שרעק,
צי עס יאָגט נישט אַ שטיין.
זיין דלות עד טראָגט
צו פאַרקויפן אויף מערק.
און דאָס זאָל אַ גלות־ייד זיין?
— שוטה, ווער דען־זשע, אַ טערק?

איך הער פון זיין ברוסט,
דער פאַרקלעמטער, אַ זיפץ.
דאָס פנים פאַרשעמט,
ער באַהאַלט, ווי נאָך שמיץ.
ווי פון אַ שריפה,
זיין לייב פול מיט בראַנד.
זאָל דאָס אַ גלות־ייד זיין?
—ווערדען־זשע, אַ לאָרד פון ענגעל־לאַנד?

ווי קוקן־זשע גלייכגילטיק
פעלקער דעם צער?
זע: קליידער פֿאַרבלוטיקט!
פֿאַרוואָס איז דער שכר?
צי איז ער אַ מערדער,
וואָס מיט דינאַמיט,
האָט ער פרויען און קינדער געטויט?
— שומהו דאָס איז דאָך אַ ייד!

קויל־אָרדאַ, 1944.

# דער צאַר און דער צער...

איך בלעטער געשיכטע און בלעטער,
יאָרהונדערטער פריער און שפּעטער.
די בלעטער, זיי זענען שוין געלבע,
נאָר אַלץ איז דאָס זעלבע, דאָס זעלבע:

דער מעכטיקער צאַר האָט געזאָגט—
און דער יידישער צער האָט געקלאָגט.

די צייטן פון פּרעה דערמאַנען?
פון המן און גירוש פון שפּאַניען?
פּאָגראָמען אין פּוילן, אוקראַינע?—
דאָס זעלבע דאָך, קינדערלעך מיינע:

דער מעכטיקער צאַר האָט געזאָגט—
און דער יידישער צער האָט געקלאָגט.

זיץ איך און קנייטש זיך דעם שטערן:
האָט געשיכטע אונדז גאָרנישט געלערנט?
ניין, אַלץ איז אַזוי, ווי געווען,
וועסט היינט און וועסט מאָרגן נאָך לעזן:

דער מעכטיקער צאַר האָט געזאָגט—
און דער יידישער צער האָט געקלאָגט.

דער יידישער מח פון בינה,
די יידישע הערצער, די ווייכע —
זיי זענען געבליבן ביי קינה,
זיי זענען געבליבן ביי איכה...

דער מעכטיקער צאַר האָט געזאָגט—
און דער יידישער צער האָט געקלאָגט.

טורקעסטאַן, 1945.

# בלוי בלוט...

דיין שמחה שטענדיק זאָל אַ רוישעדיקע זיין! —
אַזאַ אָנזאָג האָב איך פֿון צדיקים·—
נאָר דעם בעכער גאַל, דעם בעכער צער און פּיין,
זאָל קיינער זען, ווען טרינקסט אים אויס, בשתיקה!

דאָס בלויע בלוט אין דיינע אָדערן עס פֿליסט,
דו ביסט אַ רינג אין קייט פֿון גרויסע נעמען!—
און לאַנג האָב איך געקעמפּפט מיט זיך: וויים ווער דו ביסט!
דו זאָלסט די אבות דיינע נישט פֿאַרשעמען!

איז וואָס פֿון בעכער מיינעם, כ'האָב געזויפּט, ביז היינט —
וועל איך אייך אַצינדער אויך נישט זאָגן.
נאָר פֿאַר די בעכער סם פֿון אַלע מיינע פֿריינט,
הערט נישט אויף מיין האַרץ זיך צו באַקלאָגן.

דאָס בלויע בלוט... — פֿאַרשאָלטן זאָל עס ווערן! —
ווען מען שניידט מיין לייב, דאַן רינט עס רויט!...
ווי זאָל איך שווייגן שטיל, ווען יידן גיסן טרערן
און שמחות רוישיקע פֿראַוועט זיי דער טויט!

קאַנאַן, 1943.

# מ׳גלויבט נאָר...

מען גלויבט נאָר דעם טויט, וועלכער שטייט פאַר די אויגן,
דעם מת, וועלכער ליגט נאָר פאַר דיר, אויף דער ערד.
ווער וויל עס אין בשורות, אין פינסטערע גלויבן,
וועגן נאָנטע, וואָס שטאַרבן איז ווייט זיי באַשערט?

עס קומט אָן אַ בריוו, צי אַ מענטש קומט צופאָרן,
ער ציילט אויס די ווערטער, ווי גראָשנס, מעטאַל.
דו הערסט און דו הערסט נישט. דערפילסט נישט דעם צאָרן
און ס׳זידט נאָך די טרער נישט אַרויס פון איר קוואַל.

ער ציילט אויס די ווערטער, ווי איינצלנע גראָשן.
נאָר איך בין צו רייך שוין! איך האָב שוין צו־פיל!
די נאָענטסטע פלעמעלעך זענען פאַרלאָשן
און מיר צאַנקען עלנטע דאָ אין דער שטיל.

אשכאַבאַד, 1943.

# קינד!...

האָסט מאַנדלען אין האַלדז
און ניס אַפּן קאָפּ
און ספּליסן צום מויל גלייך
די טרערן, ווי באָב; —
וואָס־זשע ביסטו הונגעריק, קינד?...

דאָס קאַלטע און וואַרעמע,
האָסט אָן אַ שיעור.
געפרוירענע פיס, ווי
קאַרטאָפל, ביי דיר; —
וואָס־זשע ביסטו הונגעריק, קינד?...

„כ'האָב געברענטע און געבראָטענע"—
האָט דיין טאַטע געזאָגט.
די מאַמע שרייט: „איך האָב
געהאַקטע, געבראָקטע"; —
וואָס־זשע ביסטו הונגעריק, קינד?...

און ווילסטו אַ נאַשוואַרג?
נאָכוואָס דער פאַרדראָס? —
דיין טאַטע האָט צוקער
און אַ פייג אונטערן נאָז; —
וואָס־זשע ביסטו הונגעריק, קינד?...

סטאַלינאָבאָד, 1942.

# טרויםז

עס איז אַ ליגן און איך ווייס נישט וועמעס—
עס איז נישטאָ קיין אומקום. ס'איז נישט אמת.

פאַרענדערונג איז שטענדיק, אומעטום פאַרהאַנען;
ס'רייפט אַ בליאונג אין אַ יעדן וויאנען.

דאָס צאַרטסטע בלימעלע, וואָס ט'פרילינג דיר דערפרייען—
עס זויגט דעם זאַפט שוין הינטער קאַלטע שנייען.

יעדער שאָטן רעדט פון העלע שטראַלן;
ווען ס'זאָל קיין ליכט נישט זיין—וועט דאָך קיין שאָטן פאַלן...

הינטער תפיסה־ווענט און טויערן פאַרמאַכטע—
גייט־אויף דער פרייהייטס־חלום, דאָרט דערוואַכט ער.

נאָר אין גלות־פיין, אין וואַנדער־וועג אין שווערן,
אינם פאַרשטויסן־זיין, אין וויסטן טאָל פון טרערן—

ציימיקט דער געדאַנק פון פאָטערלאַנד,
אַ פאָלק, מיט פעלקער גלייך, צו ווערן!

טרוים שטאָלץ און דרייסט ר" ייד—
די שעה וועט דיר באַשערן!

אַשכאַבאַד, 1943.

# אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ

ז. סעגאַלאָוויטשן,
דעם צאַרטן ליריקער, מײַן ברוגזן פרײַנט,
וועגן וועלכן, איך האָב דאָ זייער פיל
געטראַכט.

.1

איירעפּעס שנאה טראָג איך אויף מײַנע שמאָלע אַקסל,
ווי אַ קאַטאַרינקאַזש, זײַנע גרויע פויגל; — — —
פון פּוילן אויסגעוואָרצלט, אין ערגעץ אײַנגעוואַקסן,
אין אומהיימלעכע ווײַטן קוקן מײַנע אויגן.

וואָס־זשע איז דער וווּנדער, וואָס קינדוויז, אָפּט, איך האָב עס
נײַגעריק געדרייט דעם קײַלעכדיקן גלאָבוס?...—
צי דען־זשע נישט פאַר מיר זענען די אַלע פאַרבן?
ווו־זשע זאָל איך קומען? ווו לעבן און ווו שטאַרבן?

נאָר ס'האָט דער גורל דאַן געלאַכט פון מיר געוויס:
„די הענט אַוועק פון גלאָבוס! וועסט טאַפּן מיט די פיס!“.
טאַפּ איך נאָך פון וואַרשע, טאַפּ איך ביז טאַשקענט —
איז יעדער פוס א סכנה, וואָס ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

געקילט כהאָב זיי אין ווײַסל, געקילט כהאָב זיי אין דניעפּר,
אין דער וואָלגאַ־מאַמאַ, ווי אַ טרעמפּ, אַ שלעפּער,
ביז אין קאַראַ־קומער מדבר דעם צעגליטן,
האָט מײַן וואַנדער־שטעגל זיך אַרײַנגעשניטן.—

אַ פלייץ־געטוּן אַנטקעגן האָט מיר אַמו־דאַריאַ.
אַ פלייץ־געטוּן אַנטקעגן האָט מיר סיר־דאַריאַ.
זיי מינטערן אַ יידן, (אַ יידן — אויך אַ מענטש!...)—
אָ, מיטל־אַזיעס טײַכן, מיט קילקייט זײַט געבענטשט!

ליג איך אַ פאַרשמאַכטער אין זינגענדן קאַמיש
און מײַנע פיאַטעס קילן דאַריאַער וועלן פריש.
דערציילן זיי מיר מעשות, מעשה'לעך אַ סך,
ביז צו חלום קומט מיר דער ירדן פון תנך — — — —

טאַשקענט, 1941.

2.

אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ, — צוויי זילבערדיקע פלעקן,
ווי זילבערנע בראַנסליעטן אַף די הענט פון די אוזבעקן.
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ, — ווער פון אייך איז שענער?
ווי קייטן פון מטבעות, אַף די העלדזער פון טורקמענער.

ווי רינגען פון קאַזאַכן, ווי אוירינג פון טאַדזשיקן,—
מיטל־אַזיעס אוצרות, רייכקייטן און גליקן!
איר זענט פעלדער כלאָפּאָק, שפּייכלער ברויט און טרויבן,
די פעלקער פון ישמאל, אייך וועלן אייביק לויבן.

און איך, אַ ייד, פון וואַנען? — פון וואָגלען און פון גרייזן —
מיט ליבשאַפט אייך דערמאָנען וועל איך אין מיין שפּרייזן,
ביז מיין ליבסטער ערד, ווו ליבסטע שטראָמען פליסן,
וועל איך זיי דערטראָגן, ברענגען איירע גריסן...

קירקי, 1942.

3.

אין זוניק־צעגליטע גינגאָלדענע טעג,
צוויי שטיפער געלאָזט זיך אין ווילדן געיעג:
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ.

דער נוס־בוים פון טאָל, האָט פאַרריסן דעם קאָפּ
און קוקט, ווי עס לויפן מיט אַן אימפּעט גאַליאָפּ,
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ.

עס שמייכלען די פעלדער פון באַנוול און ווייץ,
די וויינגערטנער גריסן דעם זילבערנעם פלייץ:
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ.

אַ גראָבן אַרבוז האָט פאַרשווינדלט אין קאָפּ,—
ער קייקלט פון באַרג זיך אין וואַסער אַראָפּ.
אַמו־דאַריאַ און סיר דאַריאַ.

אַ קעמל זאַריין מיט די פאָדערשטע פיס,
אַ מאָרדע מיט זילבער, געגעבן אַ ביס
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ.

אַ קעלבל פאַרווונדערט, ט'פאַרריסן דעם עק,
אונטערן אייטער דער מאַמעס באַהאַלט זיך אין שרעק...
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ.

ביי אַ פאַרוואָרפענעם, קליינעם קאָלכאָז,
זיי כאַפּן פאַרוווּנדערט אַ קוק: וואָס איז דאָס?
אַמו־דאַריאַ? סיר דאַריאַ?

קיינמאָל באַגעגנט נאָך אַף זייער ערד,
פעך־שוואַרצע אויגן מיט זילבערנע בערד —
אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ...

אָ, ברודערל, טייערער, גיב נאָר אַ קוק:
וואָס טוען דאָ יידן פון ווייסל און בוג?
אַמו־דאַריאַ? סיר דאַריאַ?

צי בלייבן זיי תושבים, צי זענען זיי געסט?
זיי זענען דאָך ווייט פון דער אייגענער נעסט,
אַמו־דאַריאַ, יאָ, סיר־דאַריאַ.

פאַר די דאָזיקע לייט, נישט פאַראַן איז קיין צאָם —
זיי האָבן אַמאָל שוין געשפּאָלטן אַ ים!...
אַמו־דאַריאַ! אָ, סיר־דאַריאַ!...

טשאַרדזשאו, 1942.

## 4.

עס קווועלט אַמו־דאַריאַ און הערט נישט אויף צו קווועלן
און ס'חנדלט סיר־דאַריאַ מיט אירע זילבער־וועלן.

איך ליג און חלום אין דעם טרוקענעם קאַמיש:
אפשר וועט מיר גאָט, ווי יונה'ן, צושיקן אַ פיש.

וואָס וועט מיר איינשלינגען און אָפּשווימען אין וועג
און וועט מיר אויסשפייען גאָר אַף אַן אנדער ברעג...

די זון פאַרגייט, אַזוי ווי ז'איז ביים בוג פאַרגאַנגען
און דער ווינט דערטראָגט מיר יאָמערשע געזאַנגען.

עס הויבט מיך אוף פון אָרט, איך קען נישט מער איינליגן:
נאָנט, אַלט־באַקאַנט און פיינליך־ליב ז'דער טרויעריקער ניגון,

יאָ, ס'איז מיין שפּראַך, מיין טאַטנס שטימע די געשטיקטע:
„אָ, גאָטעניו ליבער, אל תשליחני לעת זקנה!" — — —

אין דזשונגל פון קאַמיש, איך בלאָנקע נאָכן ניגון,
איך זוך אַ האַלבע נאַכט און בלייב אין אָנמאַכט ליגן.

פאַרטאָג, אַמו־דאַריאַ עס הערט נישט אוף צו קווועלן
און ס'שווימען פּליטן־אָן אַף שוימענדיקע וועלן.

אַף די פּליטן שטייט אַ גרייז, ער רודערט מיט אַ בּרעט
און שרייט צום הימל: „אל תשלחני לעת זקנה, הער מיין געבעט!"

ס'האָט אין האַרץ אַ ברי־געטון אַ פלעמעלע צעגליט
און כ'האָב מיט אַלע כחות זיך צעשריען: — שלום ר' ייד! — — —

מאַרי, 1942.

# קללות

די קללות פון מיין הונגעריקער היים,
זיי זשאַווערן אין בלוט ביי מיר, ווי טשוועקעס,
פאַרטריקנט ז׳נאָך אויף מיינע שיך פון ווייסל־ברעג דער ליים,
נאָר אויף די ליפּן ברימ דער שטויב פון קארא־קומער שטרעקעס.

אַ זייגער גייט, ביז זיין ספּראָנדזשין ווערט לויז,
עס גייט אַ מענטש, ביז ס׳גייען אויס די קרעפטן;—
און מיינע קרעפטן זענען לאַנג שוין אויס,
ווער*זשע לאָזט מיך נישט, זיך מיטן טויט באהעפטן?

עפּעס האַלט צווישן אונדז אַ וואַך,
עמיץ אָן געשטאַלטונג און אָן פאַרבן.
איך הער די שטים, וואָס רייצט זיך נאָר און לאַכט:
„דאָס לעבן איז דיר שווער?—אָ, זייער לייכט איז שטאַרבן!...

„נאָר אַלץ, וואָס לייכט איז, איז עס נישט פאַר דיר,
אַ גרינגער טויט איז נישט פאַר דיר געגעבן!...
און וואַנדער־וועגן זענען אָן אַ שיעור—
טאָ ברעך די פיס און ווערג זיך מיט דיין לעבן!“— — —

די קללות פון מיין הונגעריקער היים,
זיי זשאַווערן אין בלוט ביי מיר, ווי טשוועקעס.
פאַרטריקנט ז׳נאָך אויף מיינע שיך פון ווייסל־ברעג דער ליים,
נאָר אויף די ליפּן ברימ דער שטויב פון קאַראַ־קום,ער שטרעקעס.

קראַסנאָוואָדסק, 1943.

# אַ קוידענאָווער ניגון אין מדבר קאַראַ־קום

ה. לייוויקן —
מיט מיין טיפסטער פאַרערונג

אַ ראַכיטישער בעטלער, אויפן וועג צום מעטשעט—
קניט כורעים דער בוים סאַקסאַול.
אויף אויסגעדרייטע עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט, ער זעט:
ווי פויל עס קריכט די סטעזשקע צום אַול.
זי קלעטערט באַרג אַרויף, פון דאָרט—אַראָפּ אין טאָל,
וווּ אַן אייזל, רופט זיין אייזעליכע, מיט אַ קול.
אַ גרילציקן פון אייזן־זשאַווער,
וואָס בלייבט הענגען אין צעגליטן אַוויר.

אַז ס׳איז היינט שבת, פון וואַנען ווייסט דער מדבר קאַראַ־קום?
פון וואַנען שלעפּט עס דאָ דער ווינט אַרום
אַ ניגון,, וואָס די הייסע זאַמדן, האָבן קיינמאָל נישט געהערט?
ער שטאַמט גאָר פון ווייס־רוסלאַנדס ערד,
פון קוידענאָווער רבינס שטוב מיט חסידים פול,
וווּ דביקה האָט געפּרעגלט זיך אין נחת— — —
דערשטוינט זענען די קעפּ פון טשערעפּאַכעס,
וואָס קריכן ביי די קני פון סאַקסאַול.

—אָ, אייניקל פון אַלטן ווינט,
וואָס האָט פון דודס פידעלע געקושט די סטרונעס—
וואָס יאָגסטו זיך פאַרליבט, געשווינדט
מיט דעם קוידענאָווער ניגון אין די פּאָלעס?
וווּ האָסטו אים געפונען?
וווּ ווילסטו אים פאַרטראָגן?

— איך האָב געפונען אים פאַרפּלאָנטערט אין אַ זילבער־באָרד,
ווזהין איך טראָג אים, קען איך דיר נישט זאָגן.
די זילבער־באָרד, אויף וואָגלער־ברוסט צעבראָסטעטער, ליגט דאָרט!

איך בין געלאָפן און געפונען ליגן
דעם בר־מנן, וואָס ט'אויסגעהויכט זיין אָטעם
מיטן קוידענאָווער ניגון.

אַ שמש־ווינט האָט אויסגעדרייט פון שטויב צוויי קנויטן
און אָנגעצונדן זיי, אין זון ווי אַ נר־תמיד—
ברענען זיי צוקאָפּנס ביי דעם טויטן
און סאַקסאַול זאָגט קדיש אַ געבויגענער ביים עמוד— — — —

טשעל־קאַר 1943.

# אַ מצבה אין אַשכאַבאַד

דעם אָנדענק פון האַרציקן יידישן אַקטיאָר
י ו א ל   ב ע ר ג מ אַ ן.

די זון האָט זיך גאָלדיק צעפלאָסן היינט
איבער אונדזערע געבויגענע קעפ.
און אונדזערע הערצער פאַרשלאָסענע
בויגן זיך פענער פון קרעפ.

מיר זענען די קינדער פאַרדזשומעטע,
דער פאָטער, ווו איז ער אַצינד?
ווער ווײנט מיט אונדז, פרעמדע, געקומענע?—
דאָס ברעכט זיך אין דרייען דער ווינט.

פון לאַנד פון דער ווייסל, אַנטלאָפענע,
זיך זוכן דאָ שוץ אין געפאַר;—
איז זי דעם וועג גאָר פאַרלאָפן אונדז
און צאָלט אונז אַ יעדן זיין שכר.

מיר פאַלן אין זאַמדן מדבּרישע,
ווייט פון דער בלוטיקער שלאַכט,
מיר קוקן זיך אוים נאָך דעם מאָרגן־שיין
און צאַנקען אין מיטן דער נאַכט.

איינער קוקט שטום אויפן אַנדערן:
מען דאַרף זיך אַליין זאָגן טרייסט.
צי וועט נאָך פון אונדז ווער דערוואַנדערן
צום ברעג פון דעם ירדן?—ווער ווייסט.

ניעט וויגן וועט אונדז שוין דער ווייסל־ברעג
מיט כוואַליעס, מיט זילבערדיק־מאַט; —
וועגן אונדז וועט דערציילן אַ מעשהלע
אַ מצבה־שטיין אין אַשכאַבאַד.

אַליין, זיך אַליין מנחם־אָבל־זיין
אין בריאיקן שטויב אויפן וועג.
גורט שטייפער די לענדן אָן, וואַנדערער.
אין דיינע טרוויריקסטע טעג.

פון פוילן, דער ווייטער און חרובער,
קומען גריסן פון גרעסערן קלאָג:
בלויז וואַרשע גראָבט הונדערטער קברים־אויס,
פאַר פינף הונדערט לוויות אַ טאָג.

און מיר גראָבן קברים אין אַזיע דאָ
און פאַרזייען דאָ אונדזער געביין
אין בוכאַראַ, טאַשקענט און אין סאַמאַרקאַנד,
און דער וועג איז נאָך ווייט, אין געוויין.

אונדז וועט שוין ניעט קילן דער ווייסל־ברעג,
די מידע, צעבלוטיקטע פיס; —
דער ירדן איז ווייט און נאָך מידע טעג,
אין חלום ער פליסט אַזוי זיס — — —

אַשכאַבאַד, 1941.

# טאַדזשיקן

טאַדזשיקן פון קאָלווירטן, אויף די מערק,
אויף קאַראַוואַנען קעמלען, זע איך ציען.
איך זיץ אַצינד אין סטאַלינאַבאַדער בערג
און סשוועבט מיין חלום איבער בערג פון ציון.

אויף די שפיצן בלאַנקט אַ ווייסער שניי
און אין טאָל האָט זיך צעלייגט א חמימה.
גיי, מיין חלום, דאָרט אַהינצו גיי,
דערציייל זיי פון די זאָרג מיינע און קימער.

פון קבוצים גייען קעמלען איצט געווים,
אויף שלאַנקע העלדזער, — גלעקל־קלאַנג געהיימער.
די מי פון מיינע ברידער איז דאָרט זים,
נאָר איך בין נישט מיט זיי דאָרטן אינייגעם.

זיי פירן זייער שפע אין די שטעט,
עס בלוטיקן די רויטע פאָמעראַנצן...
און סבלוזמיקט דאָ, דאָס האַרץ פון יידישן פּאָעט
און טרערן אויף די באַקן זיינע גלאַנצן — — —

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# אַ זמרל...

אויף אַן אייזל, אַ פּערסיאַנער
רייט און זינגט אַ זמרל...
זאָל ער ריימען —
פון דער ווייטן
וואַרט זיין ווייב אין קעמערל,
און זיין טאָכטער, ווי אַ ראָזע,
זיצט אין שטאַל און מעלקט די קאָזע—
רינט די מילך אין עמערל...

איך פאַרגין אים, נאָר אין האַרצן
קלאַפּן נעמט אַ העמערל...
נעמט מיך שטראָפן
פאַר די סטראָפן
פול מיט קרעכץ און יעמערל...
— אָט אַ דיכטער, אָט אַזאַנער! —
אָן וואָס דערמאָנט אים דער פּערסיאַנער,
וואָס רייט און זינגט אַ זמרל? — — —

סטאַלינאָבאַר, 1942

# כ׳ווייס...

קעמלען זענען דאָ, אַזוי ווי דאָרט,
אייזל־גרילץ, ווי אַ פאַרזשאַווערט מויער.
נאָר כ׳ווייס:
אַז אויפגיין קען מיין פרייד נאָר דאָרט
און דאָ וועל איך אַראָפוואַרפן מיין טרויער.

דער מילגרוים דאָ, איז אויכעט פול מיט זאַפט
און זיסער קענען שוין נישט זיין קיין טרויבן.
נאָר כ׳ווייס:
אַז דאָרט נאָר אויפגיין קען מיין קראַפט,
נאָר דאָרט, ווו סרייפט און צייטיקט זיך מיין גלויבן.

אויך דאָ באַארבעטן מיט פלייס די ערד
און שניידן שפע, קינדער פון ישמאל.
נאָר כ׳ווייס:
מיין ליד פאַרשטאַנען און דערהערט
קען ווערן נאָר אין לאַנד פון בני־ישראל.

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# טעכטער

דורך די ווייסע פערלדיקע ציין,
אַזערביידזשאַנקעס שיסן מיט געלעכטער.
עס פלעכטן דינע צעפּעלעך זיך שיין
אוזבעקישע, צעבליטע, שלאַנקע טעכטער.

טורקמענערינס זיך צירן מיט קאָלירטן שטיין,
מיט בראָשן, בלעכעלעך, די ברוסטן צאַפּלען.
נאָר פול זענען מיט טרויער און געוויין
ביי יידישקעס אין גלות די שוואַרצאַפּלען.

גרוזינערינס זיי ווייסן נישט אַליין,
ווי אַף שוואַנען־העלדזער, זייער קאָפּ איז שטאָלץ געהויבן.
אַרמענערינס — פון ריינסטן קוואַל, איז ריין
ס'געזאַנג זייערס, וואָס טוט דאָס הימלאַנד לויבן.

יאָ, אַלע זיי, זיי זענען אין דער היים,
זיי מעגן טאַנצן, מעגן זינגען לידער; —
ווער זעט, אָבער, ביי יידישקעס דעם חן,
פון פאַרזאָרגטע קעפּ, אַראָפּגענידערט?

זיי קליידן זיך אין פאַרביקן געוואַנט,
אין סאַמעט, זיידנס, אין קאָלירטע בענדער; —
און יידישקעס, זיי ווערגן זיך אין שאַנד,
אין וואַנדער־וועג, דורך די צעבליטע לענדער.

ווי גאָר איך זיי צו זען שוין אין דער היים,
שטאָלצע, גליקליכע, יידישע טעכטער; —
ס'וועט זיך שענער נאָך צעבליען אסתרס חן.
ווי דער ירדן, פריש, וועט קוועלן דאָס געלעכטער — — —

ביירעם־אַלי, 1944.

# צו־גאַסט

דעם אוזבעקישן דיכטער אַקראַמאָוו.

— באַשוכט און באַקליידט און כבין זאַט היינט אפילו —
פאַרוואָס־זשע געמיט מיינס, ביי דיר איז היינט נעילה?
פאַרוואָס איז דאָס האַרץ, אַזוי פּודיק מיר שווער?
וואָס ווילסטו דען מער? וואָס דאַרפסטו דען מער?—

געזען האָב איך היינט אַן אוזבעקישן דיכטער,
צעשטראַלט איז זיין בליק געווען, לויטער און ניכטער.
ער האָט פאַר די געסט אַ באַראַן היינט געשוחטן,—
דערלאַנגט ער שאַשליק, פּלאָוו אַליין־אָפּגעקאָכטן.

באַרימעריש־שטאָלץ זיין געזיכט, דאָס פאַרברענטע:
— דער ווין איז טאַשקענטער... די פרוכטן — טאַשקענטער...
איר, יידישע דיכטער, אָפּשאַצן דאָס קענט איר?
איר זענט דאָך היימלאָזע. איך — אַ טאַשקענטער!...

— ס'איז מיינס די קיבּיטקע, דער וויינגאָרטן פולער,
די לענגן און בּרייטן פון אוזבעקיסטאַן.
די שטעט און די שטעטלעך, די ווייטסטע אַאולן.
דער סטעפּ און דער מדבר, די בּערג און דער לאַן.

כ'צעפּראַל מיינע אויגן, וואָס בּרייטער צו קוקן,
כ'צעפּראַל מיינע אויערן — צויבּער־מוזיק!...
כאָטש כבין נישט געוווינט, אין מעטשעט זיך צו בוקן,
דאָך בין איך מתפּלל און דאַנק פאַרן גליק!— — —

ער גיסט אָן די כוסות און ברומט צו אַ לידל.
פּלוצלונג: —וואָס איז מיט דיר? פריינט מיינער? גאַסט?!
— אין האַרץ בּיי מיר וואָגלט יידל אָן אַ פידל,
אין האַרץ בּיי מיר וואָגלט שמערל אָן אַ באַס!— — —

טאַשקענט, 1945.

# אָאַזיסן

קאַראַ־קום און קיזיל־קום,
קיזיל־קום און קאַראַ־קום—
זעקס יאָר, ווי אין אַ כישוף־קרייז,
איך וואָגל דאָ אַרום.

צוויי מדבריות זענען דאָס,
צוויי געלע, הייסע שכנים.
יעטווידער אָאַזיס, איז
מיר ליב אַזוי ווי קיינעם.

יידן פון די נאַלעווקעס,
פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען—
סטאַכאַנאָווצעס אין פּראַצע דאָ,
נישט ערגער, ווי אין האַנדלען.

פאַראַנען איינגעוואָרצלטע
שוין דאָ מיט לייב און לעבן:
אַפילו די בית־עולם־לעך
אַ חלק שוין געגעבן.

דערפאַר געבומען ווייבער זיך—
פאַרשיידענע קאָלירן
און מיט געמישטע קינדערלעך
קענען זיי שפּאַצירן:

משהלעך און וואַניעלעך,
אַבדולעכלעך, סולטאַנען.—
נישט אַלע זענען דאָך, ווי איך,
טשודאַקעס און באַלוואַנען...

זעקס יאָר, ווי אין אַ כישוף־קרייז,
וואָגל איך אַרום
און זוך די טעג די נעכטיקע
אין קאַראַ־קום און קיזיל־קום.

.1946

# ממיני מכאל

ממיני מכאל, משמאלי גבריאל—
דאָס הייסט דאָך, אַז איך בין נישט עלנט אָט דאָ...
מלפני אוריאל, מאחורי רפאל—
און ווער ס'זאָל מיר העלפן, איז קיינמאָל נישטאָ.

באַ ווען כ'זאָל בעטן, באַ ווען כ'זאָל פרעגן,
ס'זאָל עצהנען ווער מיר, ווו אויס און ווו איין;—
מיין שאָטן בלויז שלייכט זיך מיר נאָך אויף די וועגן
און וואַלגערט אויף דרערד זיך פון עלנט און פיין.

נאָר אפשר וויל שכינת־אל שוועבט אום על ראשי—
וויל קערפער און מח היינט שלום נישט זיין...
איז וואָס, אַז אין קאָפ טוען פליגעלעך רוישן?—
עס גייט נישט דער פוס אָנגעגאָסן מיט בליי!

דזשאַמבול, 1943.

# אונטער די הרי־חושך

ווו קען דער גורל נאָך פאַרוואַרפן?—
אונטער די הרי־חושך טאָגט שוין!
געווען ווו שוואַרצע פעפער וואַקסן,
צו אַלדי רוחות זיך געיאָגט שוין.

ווו פעך און שוועבל טוט זיך מישן,
ווו עס ווײַנען ווײַסע בערן.
ווו נישט געווען ז׳אָדם הראשון
און נישט חוה, מעג איך שווערן...

פאַר זינד פאַר אייגענע און יענעמס —
אויסעגלייטערט שוין אין ליידן.
געווען אין אַלע שוין גהינומס—
דאָך איז ווייט נאָך צום גן־עדן...

קירקי, 1943.

# עלנט

אַז דער עלנט אין דער פרעמד
דריקט אין האַרצן מיר און קלעמט,
דריקט און הערט נישט אויף צו פרעסן—
ווילט זיך דאָך אָן אים פאַרגעסן
און פאַררעדן אים די ציין...
כ׳לייג צוקאָפּנס זיך אַ שטיין,
ווי אַ פּריץ, אין מיין גרויס,
צי איך אויף דער ערד זיך אויס.
איך פאַרמאַך די מידע אויגן
און מיין חלום, פייל פון בויגן,
אָן אַן עראָפּלאַן, אָן שיף,
פליט אַוועק קיין תל־אביב...

עך, ס׳איז גוט אַזוי צו שפּאַסן!...
לויפט מיין חלום איבער גאַסן,
קיינער קען אים נישט, מיין חלום,
און דאָך זאָגט ער יעדן „שלום!"
און לויפט ווייטער זיך געשווינדער,
קושט ער אויס די קליינע קינדער,
וועלכע לויפן אין דער שול —
אומעטום ז׳מיין חלום פול...
פלוצלונג טרעפט ער אָן מיין ברודער—
ווערט ער זייער שטאַרק צערודערט,
קריגט קיין לשון נישט, ווי שטום,
נאָר ער נעמט אים פעסט אַרום!...

שפּעטער לויפן זיי צוזאַמען,
טרעפט די שוועסטער, טרעפט דער מאַמען,
ווי בת־מלכה׳ס, איך וואָלט שווערן!...
נאָר פון פרייד, עס רינען טרערן
און זיי שעפּטשען שטילערהיידט:
„אַבי מען זעט זיך געזונטערהיידט!"...
און זיי ווייזן אים און פירן:
זייער פּרדס איז אַ צירונג!
„— עס אַ פּאָמעראַנץ אַ רויטן,
שעם זיך נישט, ס׳איז אונדזערס, שוטה!"...
נאָכדעם פירט מען אים אין הויז —
ס׳איז אַ פּאַלאַץ, ליכטיק, גרויס!...

— ענדליך זענען מיר צו לייטן!...—
פּלוצלינג פיל איך, אין די זייטן
גיט מיר עמיצער אַ שטויס,
און — עס איז מיין חלום אויס...
בייזערט זיך דער סטראָזש פון גאָרטן:
— אויסגעצויגן ר׳האָט זיך דאָרטן
מיט זיין יעווריייסקע, לאַנגע נאָז
און צעטרעט מיר דאָ דעם גראָז!
— טאָוואַרישטש סטאָראָזש, אין דער פרעמד,
דריקט דער עלנט מיך און קלעמט,
דריקט און הערט נישט אויף צו פרעסן —
ווילט זיך דאָך אָן אים פאַרגעסן!...

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# יצחק אברהם־אהרונס...

דעם דיכטער פון „גאָלדענע זאַמדן“,
י. פּאַפּיערניקאָוו — מיין האַרציקן גרוס!

— — —וועמענס איז דער פּרדס, אַזוי שפּע׳דיק, געראָטן?
איך בין מיד אַזוי, צי מעג איך ליגן אין דעם שאָטן
און אויסרוען די ביינער מיינע דאַרע?
— מעגסט דאָ רוען...
דער פּרדס איז דאָך דיינער, יצחק אַברהם־אהרונס...

און וועמענס איז דער קוואַל דער לויטערער מיט וואַסער קילן?
מעג איך איינגעצן די ליפּן און דעם דורשט איינשטילן?
צי אפשר איז עס אַ מיראַזש, וואָס וועט מיך ווידער נאַרן?
— אַ קוואַל אַ לעבעדיקער...
דער קוואַל איז דיינער, יצחק אַברהם־אהרונס...

ווער־זשע איז דאָס די שוואַרץ־חנעוודיקע דאַרטן,
וואָס פאַרעט לוסטיק זיך און זאַרגזאַם אינם גאָרטן?
איך וואָלט זי אויסגעקושט די זינגענדיקע גלידער!...
— דאָס מיידל איז דיין שוועסטער, דו ביסט דאָך איר ברודער—
מעגסט איר קושן, יצחק אַברהם־אהרונס...

איז וועמענס איז דאָס גאַנצע הויז מיט אופגעפּראַלטע טירן,
וואָס בעטן זיך אַריינגיין און זיך היימיש פירן?
אַ הויז אַזאַ, עס ווייסט נישט פון קיין צערן.
— דאָס הויז איז דיינס...
דאָרט דערוואַרט מען דיך, יצחק אַברהם־אהרונס...

טאָ זאָל מען וואַרטן, נישט אַרויסגיין מיר אַנטקעגן.
איך בין פאַרשטויבט פון לאַנגע, וויסטע וועגן.
וו׳אַ בעטלער, כ׳שטיי ביים שוועל. איך שעם זיך פאַר די האַרן...
— גיי, באָד זיך אָפּ אין ים און קום צוריק,
מיט אומגעדולד דערוואַרט מען יצחק אַברהם־אהרונס...— — —

טאַשקענט, 1945.

2

יצחק אברהם־אהרונס, יצחק אברהם־אהרונס,
ווי פּאַסט עס דען פאַר דיר, זאָלסט ווי אַ קינד, זיך נאַרן?–
דער פּרדס איז נישט דיינער און דער קוואַל ז׳געשלאָסן.
דיינע ביידע שוועסטער, האָט דער דייטש דערשאָסן.
פאַר דער שוועל פון הויז מיט אויפגעפּראַלטע טירן,
שטייט אַ פרעמדער שומר און בייזע שמעק־הינט שפּירן.
ווערסטו פון דיין וואַנדער, אויף דער שוועל זיך ווייזן –
וועט דער שומר שיסן, די הינט דיך וועלן בייסן.
פאַר אַזאַ פאַרברעכן, אין תּפיסה דיך פאַרשפּאַרן!
און ס׳וועט קיין האָן נישט קרייען, יצחק אברהם־אהרונס!– – –

טאַשקענט, 1946.

# פאָלקסטימליך ליד

איבער אַלע גרענעצן
פליען פויגל גלייך,
איבער אַלע גרענעצן
שווימען פיש אין טייך,
איבער אַלע גרענעצן
בלאָזן מעג דער ווינט,
איבער אַלע גרענעצן
מעגן לויפן הינט.—

נאָר פאַר דעם מענטש, אויף גרענעצן,
וואַרט אַ שאַרפע שווערד.
פאַר דעם מענטש, אויף גרענעצן,
קייטן איז באַשערט.
פאַר דעם מענטש, אויף גרענעצן—
פייערדיקער שרויט.
פאַר דעם מענטש אויף גרענעצן—
וואַרט אַ שטרענגער טויט.

פליט־זשע פרייע פויגעלעך
איבער וויאָרסט און מייל.
ווען איר קומט קיין תל־אביב—
שטעלט זיך אפּ אַ ווייל.
זינגט דאָרטן דאָס שוואַנען־ליד
פון וואָגלענדיקן ייד,
וואָס פאַלט אין זאַמדן מדברשע,
ווייל ר'האָט קיין פליגל ניט...

טשעל־קאַר, 1944.

# אל תראה עבדי יעקב...

הרב נוראָקין געווידמעט.

געזען האָב איך שטענדיק וואָלקנס, ווי שאָף,
געטוליעט אין מורא פאַר שערן...—
נאָר היינט האָט אַ וואָלקן געזונגען אין שלאָף,
געזונגען אַזוי, איך וואָלט שווערן:
אל תראה עבדי יעקב!...

זאָל זיין, אַז אַ יידישן יונגן פּאָעט,
אַ הייליקע זעאונג באַשערט איז? —
דער וואָלקן, ער ווענדט זיך צו מיר און ער רעדט
מיט קלאָרע, מיט דיימליכע ווערטער:
— אל תראה עבדי יעקב!...

דערגאַנגען צו מיר, פון מיין פאָלק, איז די קלאָג,
וואָס האָט מיר די הימלען צעריסן!
שטיי אויף פון געלעגער, צום פאָלק גיי און זאָג,
אַז איך האָב געלאָזן זיי וויסן:
אל תראה עבדי יעקב!...

איך זע, ווי דער חלף ביי עשון בליצט,
נאָר דו זאָלסט דיין מוט נישט פאַרלירן.
איך האָב פון מצרים באַפרייט דיך און איצט,
איך וועל צו באַפרייאונג דיך פירן.
אל תראה עבדי יעקב!...

— אָ, הייליקער וואָלקן, כ׳בין דער זינדיקסטער מענטש!
וואָס איז מיט מיר דען דער יחוס?
— ווער טרייסט ס׳טראָגט זיין פאָלק, וועט זיין וועג זיין געבענטשט,
גיי־זשע, פיר־אויס אָט די שליחות:
— אל תראה עבדי יעקב!...

דער וואָלקן ז׳פאַרשווונדן, דער הימל איז ריין
און שטערנדלעך זע איך צעלאַכטע...
נאָר פּלוצלונג, די שטערן אין אותיות כ׳זע שטיין,
פון אותיות—איין וואָרט נאָר: סלחתי!...
אל תּראה עבדי יעקב!...

ווען איך האָב ערוואַכט, האָט דער מאָרגן געבליט,
אַ מאָרגן, אַן איבערגעקערטער...
איצט, ווו איך טרעף אַ פאַרחושכטן ייד —
איך טראָג אים אַנטקעגן די וועטער:
אל תּראה עבדי יעקב!...

געזען האָב איך שטענדיק וואָלקנס, ווי שאָף,
געטוליעט אין מורא פאַר שערן...—
נאָר הײַנט האָט אַ וואלקן געזונגען אין שלאָף,
געזונגען אַזוי, איך וואָלט שווערן:
— אל תּראה עבדי יעקב!...

סטאַלינאָבאַד

# משומדים

.1

איך קער זיך אָפּ פון אייך מיט עקל און מיט האַס
און יעדער ייד אייך שפּייט מיט גאַל אין פּנים:—
צוליב אַן עשעלאָן, אַ וויזע און אַ פּאַס,
זענט איר אַוועק פון אונדז, געגאַנגען צו די שונאים!

איר שוואַכלינגען, האָט בײַשטיין נישט געקענט,
געבראָכן זיך ביים ערשטן שווין נסיון;—
דאָס יידיש פאָלק, עס האָט אייך איצט דערקענט,
ווי ווערים, וואָס אין די קלאָזעטן ראָיען!

## 2

זיי האָבן זיך געריסן אויף די גלייכע ווענט,
די נעז פאַרשטעלט, כדי אויסצוזען, ווי אַריער...
געצלמט זיך מיט בײדע הענט
און הויך געשריען „יעזוס מאַריאַ!"...

נאָר גייענדיק מיט „זיי" אין דער סאָלדאַטסקער באָד,
זיי האָבן זיך געטון פון חרפה שטיקן:—
די נייע „גלויבנס־ברידער" קיכן פול מיט שפּאָט:
„נו, קלעפּט אייך צו צוריק דאָס אפּגעשניטן שטיקל...

נאָר נישט שטענדיק איז דאָך אָפּגעדעקט דער גליד
און פאַרן פריץ דאַרף מען זיך דאָך קליגן:—
די ערשטע און אַמהעכסטן, האָבן זיי געשריען „זשידו!"
און פון עשעלאָן, אויף אונדז געשפּיגן.

זיי זענען גליקלעכע, זיי פאָרן אָפּ,
דאָס טויף־וואַסער, געבראַכט האָט זיי הצלחה...—
אַן עדה יידן בלייבט און בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ,
ביי אַן עדה יידן, איז דאָס האַרץ צעבראָכן.

די זקנים שטייען, שאָקלען מיט די בערד
און פינטלען מיט די בלוטיק־רויטע וויעס:—
מען דאַרף זיך שבעה זעצן אויף דער ערד,
זיי זענען טויט פאַר אונדז און לאָמיר רייסן קריעה.

.3

אַז מען וואַרפט אין טייך אַריין אַ שטיין,
ציטערט־אויף די אויבערפלאַך אַ רגע; —
ווער עס גייט אַוועק פון אונדז, זאָל גיין!
און זאָל ניט זוכן מער צוריק קיין וועגן.

שטענדיק פאַלט צום גרונט אַראָפּ דער שטיין,
די אויבערפלאַך ווערט ווידער רוהיק, לויטער;—
ווער עס גייט אַוועק פון אונדז, זאָל גיין!
ימח שמו — ער איז פאַר אונדז אַ טויטער.

מיט מאָך פאַרוואַקסן ווערן וועט דער שטיין
און כוואַליעס זילבערנע, זיי שטראָמען ווייטער.—
ווער עס גייט אַוועק פון אונדז, זאָל גיין!
ער איז געווען אַ מכה אונדז מיט אייטער.

**.4**

מיט אונדז דורך פייער און דורך וואַסער גיין,
איז נישט געווען ביי זיי קיין וועלער —
דער פריץ וועט זיי צווואַרפן אַ ביין,
ביים פריץ וועט מען לעקן פעטע טעלער...

נאָר אונדזער קערפער ווערט געזינטער איצט און ריין.
ס'איז דוקה גוט די קרעץ פון לייב אַראָפּצושווענקען.
איצט וועט אונדז לייכטער זיין אין שווערן וועג צו גיין —
מען דאַרף קיין אומריינקייט צו זיך אין הויז נישט ברענגען.

נישט אומזיסט ז'דאָס וואָגלען לאַנגע טעג,
ווען ס'קלעפּט פון דורשט, דער צונג זיך צו דעם גומען:
דער ערב־רב זאָל אָפּפאַלן אין וועג,
דאָס פאָלק זאָל אויסגעפּרווט און אויסגעלייטערט קומען.

קערמינע, 1948.

# קינדוויז

קינדוויז כ'האָב געזוכט אַ וועג אַ נענטערן צום חדר
און פאַרבלאָנדזשעט אין אַ בלינדן געסל, אַ טופּיק; —
פון פאַרדרוס, האָב איך געוויינט כסדר,
גייענדיק אומזיסטן וועג צוריק...

היינט איז עס נישט קיין געסל, עס איז נישט קיין שפּאַציר,
ס'איז „פּאָלג אַ גאַנג" פון אַשכאַבאַד, דורך וואַרשע!....
דער בייזער רבי לערנט אַלץ מיט מיר
לך־לך — די אַלט־באַקאַנטע פּרשה.

טאַשקענט, 1945.

## זי...

דיר, לאָלאַ, אין זוניקע, תל־אביבער טעג —
זיך צו דערמאָנען...

1.

זי גייט מיט מיר דאָ שריט־ביי־שריט
דורך יעדן שטורעם־ווינט
און אויף די הענט, זי טראָגט מיין ליד,
ווי ביי דער ברוסט, אַ קינד...

זי טראָגט מיין ליד, וואָס האָט זי נאָך?
וואָס איז אונדזער פאַרמעג? —
אויף די פּלייצעס ליגט דער יאָך,
די פּיין פון וואָגל־טעג.

ווען פון הערצל, וואָס פאַרקלעמט,
אַ זיפץ קומט אויף דער פריי; —
זי שמייכלט דאַן צו מיר פאַרשעמט,
ווי בעטנדיק: פאַרצייו!

וואָס זאָל איך דיר פאַרצייען קינד,
מיין צאַרטע, ליבע פרוי?
דעם עלנט פון פאַריאָגטע הינט?
דיין קאָפּ פריצייטיק־גרוי?

„וואָס מיר בלייך און וואָס מיר דאַר? —
איך בין געוואָרן גרינג!...
אָט גיי איך לייכטער איצט דערפאַר,
אָט גיי איך און איך זינג...

זי גייט מיט מיר דאָ שריט־באַ־שריט
דורך יעדן שטורעם־ווינט
און אויף די הענט, זי טראָגט מיין ליד,
ווי ביי דער ברוסט, אַ קינד...

.2

איך גלעט און איך קוש אַזוי הייס
דיין יונג־גרוי־געוואָרענעם קעפּל.
ווי זאָל איך דיר טרייסטן, מיין טרייסט?—
דיין צער האָט די זון מיר פאַרנעפּלט,

צו בלייך איז מיין יעטוועדער וואָרט
און קלינגט, ווי אַ קופּערנער גראָשן.
עס האָבן פיר פינסטערע יאָר
דיין ליכטיקע יוגנט פאַרלאָשן.

איך זע, ווי דו צאַנקסט און איך ווייס,
דעם וואָרעם אין זאַפטיקסטן עפּל.
ווי זאָל איך דיר טרייסטן, מיין טרייסט?—
דיין צער האָט די זון מיר פאַרנעפּלט.

.3

איך האָב דעם טיפסטן צער
אין בליק אירן געלעזן.
זי ברעכט זיך איין,
מיין ליבער, צאַרטער וועזן.

די קרעפטן גייען אויס,
ווי אין לאָמפּ, דער קעראָסין; —
וואָס ליגט איר אויפן האַרץ?
וואָס קומט איר אויפן זין?

וואָלט זי כאָטש געוויינט,
אַ קלאָג־וואָרט אָפּגעווויגן, —
זי שווייגט, און נאָר דער עלנט שרייט
פון אירע מוטנע אויגן.

צו קלוג איז זי פאַר טרייסט
און איך קען זיך נישט קליגן; —
איז אין צימער שטיל,
ווי'אַ מת אויף דרערד וואָלט ליגן.

אַ שטילקייט אָט אַזאַ
עס קען אַ מת פאַרטרייבן!
אַ שטילקייט אָט אַזאַ
עס קען צעפּלאַצן שויבן!

אָ, גאָט, ווי לאַנג זי האָט שוין נישט געלאַכט!
אָ, גאָט, ווי לאַנג זי האָט שוין נישט געזונגען!
נאָר שטילע זיפצן הער איך יעדע נאַכט
און ווי עס ווערט אַ טרער אַראָפּגעשלונגען.

אין מאָרגן־גרוי, עס עקבערט דער גודאָק —
ליגט 13 דעקאָ ברויט און גרייט שטייט אַ גלאָז וואַסער.
עס לייגט זיך נישט די צונג צום „גוטן־טאָג":—
מיט יעדן „גוטן־טאָג," איך זע, זי ווערט אַלץ בלאַסער.

אין אָוונט־גרוי, איך קער אַ היים זיך מיד,
מיט אומרו קוקט זי אויס מיר אויף די וועגן.
און רעדן, רעדט זי, שטיל, ווי שטיל עס זשומט אַ פליג,
ווי אַ קראַנקער וואָלט אין שטוב געלעגן.

„גיי עסן" און „דאָס בעט איז שוין געמאַכט",—
איך פיל, עס ווערט אין מיר דאָס האַרץ צעשפּרונגען; —
אָ, גאָט, ווי לאַנג זי האָט שוין נישט געלאַכט!
אָ, גאָט, ווי לאַנג זי האָט שוין נישט געזונגען!

5.

וואָלט איך איר היינט נישט געקענט,
פֿונוואַנען איך האָב זי גענומען —
וואָלטן מיר נישט געוווּנדערט די הענט,
וואָס פֿאָרען אַזוי זיך אַרומעט.

כ׳געדענק אירע הענט ביים קלאַוויר,
קלאַווישן געגלעט, ווי אַ סאַמעט; —
זיי פֿאָרען זיך איצט ביים געשיר,
ביים טעפּל פֿאַררויכערט, פֿאַרסאַדזועט.

אין פֿעלדער אויף ציגעלעך צוויי,
אַ טאָפּ אויף געקליבענע שפּענער.
זי קאָכט נישט קיין געגדזנס אין זיי,
זי קאָכט נישט קיין הינער, קיין הענער.

זי האָט דאָרטן גאָרנישט פֿאַרבראָקט,
קיין פֿאַרפֿל, קיין לאָקשן, קיין קליסקעס;—
— זאָל זיין—זאָגט זי—כאָטש קיפּיאַטאָק,
דערוואַרעמען דאַרף מען די קישקעס....

וואָלט איך איר היינט נישט געקענט,
פֿון וואַנען איך האָב זי גענומען —
דאַן וואָלט מיר אַזוי נישט געקלעמט
דער צער, וועלכער נעמט מיך אַרומעט.

כ׳געדענק נאָך איר מיידלשע בעט
מיט קישעלעך, ליאַלקעס און בלומען...
— אַז כ׳שלאָף אַף דער ערד איצט, ווער זעט?
עס זאָל נאָר קיין רעגן נישט קומען...

אַמאָל אירע טופל געווּרס
וואָלט קלעקן געקענט פאַר אַ ראָטע...
— ס׳איז לייכטער מיט באָרוועסע פיס
צו טאָפּטשען אין זאַמד און אין בלאָטע...

גיעקרעכצט האָט פון פולקיט איר שאַנק
מט קליידער קאָלירטע געווירן...
— אַבי כ׳בין חלילה נישט קראַנק,
מיט קליידער מען ווערט נישט געבוירן...

וואָלט איך איר היים נישט געקענט,
פון וואַנען איך האָב זי גענומען —
וואָלט איך זי דאָ אויף די הענט
געכאַפּט, ווי אַן אוצר געפונען!...

נאָר דער אוצר איז מיינער פון לאַנג
און עס גליווערן מיר די געהירן:
איך זאָל זי, חלילה, אין גאַנג,
אין מדברשן דאָ, נישט פאַרלירן! — — —

דער טערמאָמעטער גייט פון האַנט צו האַנט,
דער קוועקזילבער שפרינגט איבער איינאונפערציק.
אין פלאַפלען פון פאַרנעפלטן פאַרשטאַנד,
איז יעדער זיך מתוודה אָפנהערציק.

דער פיבער האָט מיך אָפּגעלאָזט אַ ווייל,
בקוק אויף איר געזיכט: צעבליט, ווי רויטע עפל.
איך ריר זי אָן — אַ ברענענדיקער זייל,
וואַ שוואַכע הינדעלע — האַלט אָן אַ זייט דאָס קעפל.

צו די שטערן איז איר מוטנער בליק געווענדט,
זיי וויגן זיך אין אירע פייכטינקע שוואַרצאַפּלען.
איך קלאַמער איין אין מיינע, אירע הענט
און הער, אירע פאַרברענטע ליפּן פלאַפּלען:

„נישט גוט געטאָן, נאָר איצטער איז שוין שפּעט.
פון דער היים אַוועקגיין — נישט דערוועגן!
בעסער וואָלט געווען צו שטאַרבן אין מיין בעט,
איידער ווי אַ הונט דאָ, הינטערוועגנס.

„סאיז בערגמאַן שוין נישטאָ און קאַמיען איז נישטאָ,
פלאָראַ, רייזער, ברידער קאַץ און קערמאַן.
אַ תחלית פון דעם וואַרשעווער אַקטיאָר,
אין מיטל־אַזיע שטאַרבן זאָל באַשערט זיין“.

זי רעכנט אויס די נעמען נאָכאַנאַנד,
זי ציילט שוין אין די צענדליקער אַקטיאָרן; —
„ווי גיך, ווי גיך עס איז די שוואַרצע ראַם
אַזוי גרויס און אַזוי פול געוואָרן! — — —

אַ ווײַלע שטיל. איך קוק זיך איַין: זי וויינט.
נאָר שטיל אַזוי, ווי שטיל עס ווייַנען גראָזן... —
„און ווײַטער וועסטו איצטער גייַן אַליין
און מיר וועסטו אין סטעפּ דאָ איבערלאָזן" — — —

איך שלאָג זיך קאָפּ אָן דרערד, איך פֿאַל צו אירע פּיס,
— דייַן יעדעס וואָרט, ז'איז האַרצן מיר אַ מעסער!
וואָס פּלאַפּלסטו? ווי לאַנג קען האַלטן היץ?!
נו, דעק זיך איַין, באַרוּהיק זיך, עס וועט דיר ווערן בעסער.

די ליפּן זענען שוואַרץ, אַזוי ווי קויל
און צוגעשלאָסן די פֿאַרטרערטע וויעס;—
וואָס טוט מען דאָ? וואָס גיט מען איר אין מויל,
דאָס האַרץ דערכאַפּן? סגייט דאָך אויס דאָס חיות.

כאָטש וואַרף אין וואַסער זיך און אויפֿן האַלדז אַ שטיין,
וועט אויך שוין רייַן נישט ווערן מייַן געוויסן:
שולדיק בין נאָר איך, נאָר איך אַליין,
וואָס האָב זי פֿון דער היים, אַוועקגעריסן.

ווי זים וואָלט מיר געווען, באַצאָלן מיטן קאָפּ
פֿאַר דער זינד, וואָס איך בין דאָ באַגאַנגען!
אַ שטערן טויך צעשיט, אַ שטערן פֿאַלט אַראָפּ
און אין מיר, איז זיך דאָס האַרץ פֿאַרגאַנגען.

איך קוק זיך איַין: די בעקלעך זענען פייכט,
אין דער פייכטקייט שפּיזלען זיך לבנה־שטראַלן.
איך הער זיך איַין: זי אָטעמט שטיל און לייכט,
דער שטערן — „קיל" די היץ איז אָפּגעפאַלן.

אָ, גאָט, מייַן גאָט, גענוג אונדז שוין געשטראָפֿט,
ווער בין איך דען, וואָס איך בין דאָס אַלץ זוכה?
צאָל כופליים מיר, פֿאַר דער, וואָס איצטער שלאָפֿט
און קער איר אום צוריק שוין אירע כוחות.

.7

עס פאַרמאָגט יעדע שטאָט אַ באַזאַר,
יעדן זונטיק אַהינצו מיר לויפן.
איך קען שוין אָן טרויער, אָן צער
דעם בגד דעם לעצטן פאַרקויפן.

מיינע שיך שפרייזן אום אין טאַשקענט,
מיינע זאָקן, זיי טאָפּטשען בוכאַרע,
עס פלאַטערט אין פרעמדע מיין העמד—
און איך היל זיך איין אין אַ כמאַרע...

אַ ראָד מוז דאָך ווערן געשמירט,
ס'זאָל קענען זיך שלעפּן דער וואָגן...—
מיין שניפּס אַ טורקמענער באַצירט,
און איך וועל באַצירן דיין מאָגן...

8.

און היינט האָב איך פאַרקויפט דאָס לעצטע העמד
און פאַרן ווינטער, האָב איך הוילע ריפּן, —
אַ שטיקל קאַוועגע איך טראָג אַ היים פאַרשעמט,
זי זאָל באַנעצן די פאַרברענטע ליפּן.

דאָ קויפט מען קאַוועגעס צו צען קילאָ
און איך האָב אויסגעבעטלט צוואַנציק דעקאָ, —
פאַרשוווּנדן איז איר טרויער, ווי אַ שוואַרצע קראָ,
זי זויגט דעם זאַפט צעשמייכלט און באַלעקט זיך.

דער דאָקטאָר זאָגט: „דעם טויט האָב איך באַזיגט,
איצטער דאַרף זי פרעסן, זויפן“ —
די קראָ האָט זיך באַזעצט ביי מיר אין מוח און פּיקט:
„וואָס נאָך אַצינדער האָסטו צום פאַרקויפן?“

---

9.

צו טרייסטן אין די טעג פון אונדזער פּיין —
פון ערגעץ קומט נישט אָן צו גיין קיין נביא.
און אויסצוויינען אַזאַ האַרץ, ווי מיינס —
דאַרף מען נאָר אַ כותל־מערבי — — —

סטאַלינאָבאַד, 1942.

## .1

און וואָס וואָלט מיר געאַרט, ווען ס'וואָלט מיין טאַטע
געווען אַ גאָט־ געבענטשטער בעל־מלאכה,
געמאַכט אַ שאַנק, צי אויף אַ שוך געלייגט אַ לאַטע
און ס'וואָלט די מי געבראַכט אים מזל־ברכה.

אַ קווערטל וואַסער וואָלט געשמעקט אים גוט,
ווי דער וויין פון באַראָן ראָטשילדס קעלער...—
מען טרינקט דאָך נישט קיין אייגן „בלויע בלוט“
און יחוס עסט מען דאָך נישט פון קיין טעלער...

עס וואָלט דער דור זיינער געווען געזונט
און נישט געבלאָנדזשעט אין די עולמות עליונים.
עס וואָלט אפשר זיין שלאַנקער, בלייבער זון,
נישט פאַרנומען זיך מיט לידער אָט אַזוינע...

1943

.2

אונטער מיין סקריפענדיק וויגעלע,
איז נישט געשטאַנען קיין גאָלדן ציגעלע.
מיין טאַטע ז'אַרומגעפאָרן האַנדלען
מיט ביטערקייט פון מאַנדלען.

און שטענדיק געקרעכצט אויפן גלות
עס קומט צו קיין ברעג נישט זיין שיף...—
ביז ענדליך, פון אַלע נסיעות,
געבראַכט האָט ער ריוח: אַ טיף.

און גיך ז'ער אַוועק אין גן־עדן.
דער מאַמען, ווי גראָז, אַזוי גרין—
געלאָזן, אָן נדן, צוויי מיידן,
געלאָזן צוויי באָרוועסע זין.

האָט די מאַמע געהאָפט אויף די ברידער,
האָט די מאַמע געהאָפט אויף די זין,—
האָט זיך איינער פאַרנומען מיט לידער,
דער צווייטער—נישט בעסער פון אים...

איז שטענדיק אין שטיבעלע טונקל,
איז שטענדיק אין שטיבעלע קאַלט.
לאַכט דער דלות אין יעטווידן ווינקל:
„אָט קלעקט אייך אַ ברויטעלע באַלד!...“

ווערט אַ ברויטל צעשניטן אויף פּענעץ,
ווערט אַ ברויטל פאַרצוקט מיטן קוק...
לאַכט דער דלות: „אויך דאָס האָט אַ גרענעץ
און זיין אייך צוזאַמען ז'גענוג!— — —

מײַן משפּחה, אַ שיף אָן אַ רודער,  
צעבראָכן, צעטראָגן ט׳דער ווינט;—  
ווײַט כ׳בין אַצינד פֿון מײַן ברודער,  
ס׳איז ווײַט פֿון דער מאַמען, איר קינד.

1940

.3

כוואָלט געוואָלט מיין מאַמען טרעפן אויפן וועג,
כוואָלט געוואָלט דאָ טרעפן מיינע שוועסטער,
זיי טרייסטן אין די וואָגלענדיקע טעג,
מונטערן מיט האָפענונגען בעסטע:

ווער עס גייט, דער וועט דערגיין,
יעדע שיף קומט אָן צום ברעג.
ווישט אויס די אויגן פון געוויין,
ווישט אויס דעם טרויער און די שרעק.

געפאַר און שטרויכלונג—פול אויף יעדן וועג—
נאָר עולה־רגל־זיין מיט מוט מיט גרעסטער!...—
איך וואָלט געוואָלט מיין מאַמען טרעפן אין די טעג,
איך וואָלט געוואָלט דאָ טרעפן מיינע שוועסטער.

1942

4.

כ׳וועל מיינע שוועסטער שוין נישט טרעפן אויפן וועג,
נישט הערן לאַכן זיי, דורך אויפגעפּראַלטע פענסטער.—
אין די פאַרזוואָגלטע, קאָשמאַרנע טעג,
איך זע נאָר צוויי פאַרבלוטיקטע געשפּענסטער.

„דו האָסט געלאָזן אונדז אין תליונס הענט,
אויף הפקר, הילפלאָז, אין געשענדטן פוילן.
אונדזער היים איז חרוב און פאַרברענט
און די לייבער—דורכגעזיפּט פון קוילן.

„ווער עס גייט, דער וועט דערגיין“?—
סקעלעטן גייען נישט, זיי בלייבן ליגן!“—
מיין ליד ט׳זיך מיר געשטעלט אין גאָרגל, ווי אַ ביין
און כ׳וועל דערוואָרגן מיט מיין ניגון!

1944

5.

מיין ברודער איז שוין אַ יאָר צענדליק אין דער היים,
זיך איינגעוואָרצלט דאָרט מיט לייב און לעבן.
ער האָט געטריקנט זומפּן און געקנאָטן ליים,
פון לאַנד גענומען גליק. און מי האָט ער געגעבן.

ער האָט דאָרטן געבירט אַ נייעם דור,
זיין זון וועט שוין פון גלות קיינמאָל וויסן.
נאָר איך, וואָס האָב געבלאָנדזשעט דרייסיק יאָר—
ווי זאָל איך איצט דערוואַשן מיין געוויסן?

מיר זענען פון איין מאַמען, ברידער צוויי—
ווי ווייט אַוועק איז איינער פון דעם אַנדערן:
ער איז אַוועק מיט דער חלוצישער אַרמיי—
און איך בין אַלץ אַ טרעמפּ, אַ וואַנדערער.

סטאַלינאַבאַד, 1942.

# וואָרט, מיין וואָרט!

וואָס קאָנסטו שטעלן נאָך אין קאָרט?—
קלאַפּ־אָפּ די טירן און שלאָג־אָפּ די שוועלן,
וואָרט, מיין וואָרט!

נישט מיט קיין קרעכץ און מיט קיין טרערן,
ווי אַ נשרף, ווי אַ יורד,
נישט קיין בעטלען זאָל מען הערן!

זיי דער קלאַפּנדיקער אָדער
פון מיין פאָלק,
דו גיי און פאָדער!

און ברענג אַ טרייסטיקן ראַפּאָרט!—
קלאַפּ־אָפּ די טירן און שלאָג־אָפּ די שוועלן,
וואָרט, מיין וואָרט!

טאַשקענט, 1943.

# עקסעלענץ!

1.

איך וואַרט ביים שוועל פון אייער עקסעלענץ,
איך וואַרט אויף אַן אוידיענץ.
ווער בין איך דען?—
דער קלענסטער אות, פון אַלע אותיות;
כ׳בין דער ייד!
דער מינאָרסטער טאָן
פון טרויעריקסטן ליד,
וואָס אַלע פעלקער זינגען היינט אין כאָר.
נאָר איך רייס זיך נישט די האָר
און וועל מיין קאָפּ נישט בויגן.
נישט קיין הכנעה וועט איר זען איצט
אין פאַרטורערטע אויגן.—
אין די גורלדיקע, שטורמישע מעת-לעתן,
איך ברענג מיין גרוס אייך
און ראַפּאָרט:
כ׳בין אויפן אָרט.
כ׳בין גרייט מיט אייך,
מיט אַלע גלייך!
און זאָל מיין וואָרט
פאַרצייכנט זיין —
לדורות, נישט פאַרגעסן!

.2

פאַר דער טיר פון אייער עקסעלענץ,
וואַרטן אויף אוידיענץ
גלות׳דיקע מיניסטאָרן,
גלות׳דיקע גענעראַלן.
יעדער אין זיין אוניפאָרם,
בעשיינט מיט אָרדנס און מעדאַלן.
טאָ זאָל טאַקע פאַרצייכנט זיין די דאַטע:
עס האָט געוואַרט מיט זיי צוזאַמען
דער ייד אויך,
מיט דער געלער לאַטע!
איך וואַרט שוין לאַנג,
איך בין דער ערשטער אין דער ריי.
ווייל וועמען ס׳ברימ די ברוינע בראַנד—
מיך ברימ זי מער,
מיך טומ זי דריי מאָל וויי!
איז דריי מאָל שאַרף
זאָל אייער אויער זיין מיך אויסצוהערן
און דריי מאָל עמפפינדליכער,
דורך אייער האַרץ,
איך מוז
באַנומען ווערן!

3.

איך וואַרט ביים שוועל פון אייער עקסעלענץ,
איך וואַרט אויף אַן אודיענץ.
מיטן פּאָליאַק און פראַנצויז,
מיטן משעך און מיטן גריך —
מיט אַלע גלייך בין איך אַרויס
און שטופּ דעם שוואַרצן,
קרעכצנדיקן וואָגן
און האָב אויך עפּעס צום זאָגן!
און האָב אויך עפּעס אַצינד
צו פאָדערן
און מאָנען,
אין רעכט מיינע, היסטאָרישע —
דערמאָנען.
גענוג געקאָרמעט מיר מיט צוזאָגן, הבטחות,
מיט ווייס־ביכער,
מיט שוואַרץ־ביכער,
מיט קללות און מיט ברכות!
איך קום נאָך קיין נדבה נישט,
אָ, ניין!
און וואַרפט נישט צו
„דעם הונט — אַ ביין"!

4.

און נאָך כ׳וועל זאָגן אייער עקסעלענץ
בעת דער אוידיענץ:
איך צאָל מיין פּרייז,
איך גיב מיין שטייער,
כ׳שיק מיינע בעסטע זין אין פייער.
פון אַ יעדן שלאַכט צעברענטן,
אין יעדן מאַרש,
אויף אַלע קאָנטינענטן —
זיי זענען דאָ!
און ווו ס׳שווימט אַ פלאָטיליע,
ווו ס׳פליט אַן עסקאַדריליע —
זיי זענען דאָ!
זיי זענען דאָ!
דעריבער:
כל־זמן מיין גאָרגל איז נאָך נישט דערשניטן —
כ׳וועל אַמפּערן און ווערן זיך,
אַז נישט פאַרמיידן זאָלט איר דאָס,
וואָס ר׳האָט ביז היינט פאַרמיטן!
אויב איר ווילט היימלאַנד, רו און גליק —
גיט מיר אָפּ מיין אַלטע היים צוריק,
אין טאָג פון זיג!

אַשכאַבאַד, 1942.

# שטראָף

עס האָט מיר היינט געזידלט, מיינס אַ ליד,
און געפּאַטשט אין פּנים מיר, מיט דאַרע סטראָפן:
אַ דיכטער, וועלכער רעדט נאָר פון געמיט,
באַזינגט מיט סענטימענט,
אַ ברוינעם קנאָספּ, אַ צווייגעלע פון מאַי,
אַ זון־פאַרגאַנג, צי אַ ביעראָזקעלע אין שלאָפן,
אין אַ צייט,
ווען ס'פאָלק זיינס, הינטער קראַטן, לעכצט נאָך פריי
און הינטער געטאָ־ווענט,
עס מאָנט דאָס טעגלעך ברויט
און קריגט דערפאַר נאָר שרויט
און טויט
און בליי,
באַגלייט מיט שדישן געלעכטער.
ווען מוטער־נאַקעט ווערן מאַמעס, טעכטער,
ווי שאָף געטריבן
און געשענדן
און געשמיסן.
אַ דיכטער, וועלכער צערטלט היינט
זיין קלאָרן, לויטערן, פאַרשלאָפענעם געוויסן,
וועמענס פליגל אין דעם בלוט, איז נישט געטונקען,
וועמענס ליפּן, פון דעם גיפט, האָבן ניט געטרונקען
און נאָר אין שיכרות איבער „ריינער ליריק“,
ער האָט געמאַכט אַ „בורא פּרי הגפן“ —
אַ דיכטער אָט אַזאַ,

מעג ווערן איינגעזונקען!
אַ דיכטער אָט אַזאַ־אָ
מעג מען שטראָפן!

וויפל האָסטו אָנגעפּלאָדזשעט אונדז,
געצערטלטע אין דיכטער־תאווה? —
איצטער דרייסטו זיך אַרום,
כאָטש פּראַווע דיר אַ יוביליי.... —
בעל־גאוה!
דער עיקר נאָר: פּאַר ווענען?
דער עיקר נאָר: נאָכוואָס?
עס וויל אַ ליד, אַ ציל אין לעבן,
אַפילו שמאַכטן צוליב אים
הינטער אַ שלאָס!
דאָס לעבן לויפט מיט עראָפּלאַנען,
מיט עראָפּלאַנען לויפט דער טויט,
מיט שיפן אין די אָקעאַנען —
ווערן אָקעאַנען
רויט!

נו, און מיר? —
אין שליאַפּראָקן, אין מאָרגן־לאַפּטשעס,
קריגן קאַווע צו דער בעט.
דערציילסט אונדז פון אַ מאָרגנשטערן
און הייסט אונדז שלאָפן גיין, נישט שפּעט...
איז דער צימער בלוי ווי׳אַ שפּיגל,
נאָר די טיר, זי איז פאַרריגלט —
נישט אַרויסצוגיין אין גאַס.
נישט צו מוט און נישט צו דרייסטקייט,
נישט צו ליבע, נישט צו האַס!
איז דער צימער שטיל, ווי סאַמעט,
נאָר אין האַרצן קלינגען גאַמען... —

ניין, עס שלאָפט זיך נישט אַ לידן
ס'איז די אָוונט־שעה די שענסטע,
ווען דורך אופגעפראַלטן פענסטער,
ס'לעבן רוישט און קאָכט און זידט!... —
ווילט זיך דורכן פענסטער שפּרינגען,
ס'ווערט דער אָטעם קורץ און הייס:
מיט די יונגען
וואָפן קלינגען,
מיט די יונגען
זינגען
דרייסט!...

אין געראַנגל, ווערן לענדן
שטייפער, קרעפטיקער געגורט.
אין געראַנגל,
איז דאָ אומקום —
אין געראַנגל,
איז דאָ געבורט!...
איז וואָס מיר „שד"?
און וואָס מיר „אַנגעל"? —
גוטס און שלעכטס איז
אין געראַנגל!
בלוט אויף פענער,
בלוט אויף שליאַכן... —
איז ווער, אין לאַקריץ־אַלמאַנאַכן,
וויל געבונדן־זיין, געשנורט?
בעת חבלי־לידה פון דער פרייהייט,
ווער מעג שטיין דען אָן אַ זייט?
ווער עס העלפט נישט —
יענער שטערט נאָר!
ווער עס קושט נישט —
יענער שפּייט!

ביאַליסטאָק, 1939.

# פּאָעטן!

כ׳האָב ליב, ווי אַלע איר, די בלומען־שפּראַך,
די דיכטערשע אַקסעסואַרן...
און איבער אויסגעטאָקטע שורות, הערן שבח —
קען דערפון דער אויער נישט אָפּדאַרן...
נאָר זאָלן מיר היינט מוחל־זיין לבנה, שטערן,
בערג און טאָלן, ים׳ען, טייכן —
זיי זענען נידעריק, צו פלאַך, צו קליין,
איך זאָל דאָס אומגליק פון מיין פאָלק, מיט זיי פאַרגלייכן!
ווי נערוועז עס ציטערט איצט מיין ליפּ:
„איבער יידן פרווט מען אויס מלחמה־גאַזן"!
ווען ס׳טרעפט נישט אָט די שורה, ווי א שפּיז אין ריפּ —
יענער מעג זיך שפּילן נאָך אין פראַזן!

אָ, הערט,
באַנעמט:
פון „יודן־פעטס" מען מאַכט היינט זייף,
פאַר „צאַרטע" גרעטכענס זיך צום וואַשן!
פון האָר — מאַטראַצן! פון „יודן־הויט" — האַנטשו
און עלעגאַנטע דאַמען־טאַשן! —
דאָס זענען נישט קיין פסוקים פון מיסטעריע,
דאָס רעד איך נישט פון היץ, צי פון היסטעריע!
איך וויל היינט רעדן פּראָסט
און זאָל מיין אַשיק־גרויע שפּראַך
דערגיין אין אַלע לענדער,
צו פירער און רעגירער,

— וועלכע האַלטן יושר אין אַרענדע...
עס זאָל אַדורך דורך זייער לייב אַ פראָסט!
אויב ס'שרפעט זיי נישט, ווי אַ פלאַם,
ווען ס'ווערט מיין פאָלק
אַ יעדן טאָג
געקוילעט און געשענדעט!!!

זיי מאַכן פּלענער שוין, מען טיילט זיך מיט דער וועלט,
מען רעדט שוין פון אַ הונדערט־יערעדיקן שלום...
און איך זאָל זוכן פראַזן פאַר מיין ליד? —
כ'וואָלט גערן, אַנשטאָט פראַזן,
אַצינד געזאַמלט דינאַמיט!
און איידער זייער טאָג, נעמט טאָגן —
אין פּנים קומען זיי און זאָגן:
— נו, פּרוווט, פאַרגעסט אַצינד אָן מינדסטן ייד!!!
כאָטש איר האַלט נאָך נישט דעם עק פון האָז
און ס'פעלט נאָך אויס די קויל
צום לעצטן שאָס...
און ס'איז נאָך ווייט צום חלום! — — —

אַשכאַבאַד, 1943.

# פּאַפּיר איז ווייס...

פּאַפּיר איז ווייס און טינט איז שוואַרץ —
נאָר שווייג מיין האַרץ איצט, שווייג מיין האַרץ
און רייס פון ברוסט זיך נישט מיט אימפּעט.
עס ליגט סיי־ווי די צונג אין קימפּעט,
איינגעקראַמפּט אין חבלי־לידה
און קען זיך מיטן וואָרט נישט שיידן,
כאָטש נעם דעם ילד אָפּ מיט צוואַנגען,
נעם אַ קאַליקע, אַ טויטן!
גרייט קיין וויג נישט, — אַן עגלה!
אויף דיין ניגון רוט אַ קללה.

פּאַפּיר איז ווייס און טינט איז שוואַרץ —
נאָר שווייג מיין האַרץ איצט, שווייג מיין האַרץ.
פּאַר קינדער, קעפּט מען היינט אַ מאַטן
און פּאַר אַ מאַטן, קעפּט מען קינדער!
נו, וועסטו זינגען נאָך אַצינדער?
עס וועט פאַרהאַקט־ווערן דער טויער
מיט אַ גרילץ, הינטער דיין לעבן.
ס׳וועט קיין האָן, קיין קריי נישט געבן...
ווערסט געלויערט פון געפּאַרן —
שווייג מיין האַרץ אין טיפסטע צערן.

פּאַפּיר איז ווייס און טינט איז שוואַרץ —
נאָר שווייג מיין האַרץ איצט, שווייג מיין האַרץ.
דו קענסט סיי־ווי דיין פאָלק נישט טרייסטן,

מיט בשורות ליכטיקע, נישט לייסטן.
אָנגעשפּיצט ז׳אַ יעדער אויער,
נאָך אַן אָנזאָג, נאָך אַ העלן.
דיין ליד ט׳זיך וואַלגערן ביי שוועלן—
אַ קינד אַ הפקר׳ס, אָן אַ מאַמען.
עס וועלן גיפּט זיין דיינע גראַמען
און פאַרדרייפאַכן דעם טרויער.

פּאַפּיר איז ווייס און טינט איז שוואַרץ—
נאָר שווייג מיין האַרץ, זיי שטום מיין האַרץ!

מאָסקווע, 1940

# רוזוועלט רעדט!...

רוזוועלט רעדט—
ס׳איז קיין זאַך איצט נישט ביליכער,
ווו ס׳קלאַפּט אַ מענטשליך האַרץ, אויף יעדן אָרט,
שוואַרץ איז פון המון ביי יעדן ראַדיאָ־הילכער,
מען האַלט דעם אָטעם איין, מען שלינגט אַ יעדעס וואָרט.

רוזוועלט רעדט—
עס רעדט אונדזער געוויסן,
עס רעדט דאָס האַרץ, נאָך רייִנער ווי קרישטאָל.
און גוט איז אונדז צו הערן און צו וויסן:
זיין אויער הערט דעם קרעכץ פון יאָמער־טאָל.

רוזוועלט רעדט—
און דייטשלאַנד הערט און ציטערט:
ס׳איז נישט קיין טאַנץ־מוזיק, ס׳איז נישט קיין וואַלס...
היטלער איז היינט בלייך, ער איז היינט בייז, פאַרביטערט,
ער רוקט דעם טעלער אָפּ, עס קריכט אים ניט אין האַלדז...

רוזוועלט רעדט—
און „היטלער אין געדאַנקען,
וועגט אַ יעדעס וואָרט און מעסט, ווי טיף:
ער ווייסט, אַז יעדער אות, ז׳אַ נייע גרופּע טאַנקען,
ער ווייסט, אַז יעדער זילב, ז׳אַן עראָפּלאַן, אַ שיף...

רוזוועלט רעדט—
די ראַדיאָ־כוואַליע זיכער
לויפט בליץ־שנעל אַדורך די גאַנצע ערד.
און היטלער ווייסט, עס איז זיין סוף אַ גיכער,
ער פילט שוין אויף זיין האַלדז דעם שאַרף פון שווערד.

רוזוועלט רעדט —
דאָס רעדן פעלקער פרייע,
וואָס וועלן נישט פאַרשמידט בלייבן אין קיים.
די וועלט איז גרייט צו דער פאַשיסטישער לוויה.
די וועלט איז גרייט
צו זיג!
צו פרייהייט!
און צו פרייד!

טאַשקענט, 1943.

# אַ לויב

ווער עס האַסט דיך, רוסלאַנד, פאַרהאַסט זאָל זיין, זיין נאָמען.
אומעטום דיך בענטשן די קינדער פון אברהם׳ען.
נח׳ס תיבה ביסטו אין מבול אונדז געוועזן —
איז שארית־הפליטה, אַ דאַנק דיר, גענעזן.
געטיילט, מיט אונז זיך, ברויט און נויט,
געטיילט זיך כריין און טרויבן.
געטיילט מיט לעבן און מיט טויט,
מיט טיפן צער און גלויבן.
מיינע ברידער האָסט אין שלאַכטן מיטגענומען —
ווער עס וועט דערגיין, זאָל צום נצחון קומען.
פאַר געטאָס, קרעמאַטאָריעס, קלעפּ דעם שונא געבן,
עין תחת עין — צען לעבנס פאַר איין לעבן!
ראַטעווען דעם כבוד פון פאַרפאָלגטן יידן,
וואָס פאָרט צום פראָנט, נישט ערגער, ווי אויף די יאַרידן...
אויף וויפל דרייסטע ברוסטן, פון די ברידער מיינע,
דיינע אָרדנס צירן, דיינע אָרדנס שיינען!
ווייל דעם דייטש׳ס עקשנות, האָבן זיי געבראָכן,
געשלאָגן און געממיתט ביז צו דעם נצחון.

ווער עס האַסט דיך, רוסלאַנד, פאַרהאַסט זאָל זיין, זיין נאָמען.
אומעטום דיך לויבן די קינדער פון אברהם׳ען.
ווען ביז דער וואָלגאַ, האָט דער שונא זיך פאַרקליבן —
איז דיין האַרץ אין קרעמל, אויף דער וואַך געבליבן.
האָסט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, די הענט זיך איינגעריבן;

— דאַווײַ נאַזאַד!... — אַ טרייב־געטון, איז דאָס געווען געטריבן!...
קאַטיושאַ האָט געזונגען פון סטאַלינגראַד, ביז בערלין —
און אַז קאַטיושאַ זינגט, טאַנצן דײַנע זין!....
אויף ראַדיאָ־כוואַליעס מאָסקווע, איצט שיקט דער וועלט סאַליוט!...
און גוט ווערט אויפן האַרצן, אַ יעדן איינעם, גוט.
יאָ, מאָסקווע איז אַצינד פון פרייהייט דער באַגריף:
אַ דאַנק איר, איז לאָנדאָן פריי, וואַרשע, תל־אביב.
און כאָטש עס איז נאָך אַלץ מיין נאָמען „וואַנדערער״ —
בין איך אַדאַנק דיר, אַן אנדערער, אַן אַנדערער.
בענטש איך היינט דיין ערד, בענטש איך היינט דיין זאָמען —
ווער עס האָסט דיך, רוסלאַנד, פאַרהאַסט זאָל זיין נאָמען!

בערלין, 1946.

# פרילינג 1946

ווער שוין מיט אַ פּליך און ווער — מיט גרויע האָר,
עס האָט דערלעבט דעם פערציק־זעקסטן יאָר...
פון ראַדיאָ־הילכער טראָגט זיך טאַנץ־מוזיק.
אין אָוונטיקן סקווער, גליט קעציש יעדנס בליק...
ווי אין אַלטע, גוטע צייטן, בליט דער מאַי,
ווייכע טריטעלעך, געלעכטער און געדעמפטער פּליסטעריי...
צעשמייכלט איז דאָס פּנים פונעם אינוואַליד,
וואָס וויל אַרומנעמען זיין ליבסטע און... ער האָט שוין נישט מיט וואָס...
עס שמייכלט אויך אַפילו דער נע־ונד'ער ייד,
מיט אויגן פון אַ נישט־דעריאָגטן האָז...
די פאַרווונדעטע אין לאַזאַרעט,
מיט גיפּס און ברעטלעך אויף די פיס און הענט —
איינלינגן זיי קענען נישט אין בעט,
ווען ס'קריכט דער פרילינג אויף די גלייכע ווענט.
מיט באַנדאַזשירטע קעפּ, ווי די געשפּענסטער,
זיי זעצן זיך, מיט מאַנדאָלינעס, אויף די פענסטער —
קראַצן זיי די סטרונעס, און די סטרונעס קלינגען...
כאָטש עס ליגט נאָך שרויט אין זייערע לונגען —
כריפּען זיי און זינגען,
ווער סאָלאָ, ווער — אין כאָר, צוזאַמען,
פאַר די פענסטער — צאַרטע דאַמען,
מיט פּערפומען און מיט בלומען:
— כאַ־כאַ־כאַ!... — דער פרילינג איז געקומען!...

ווער שוין מיט אַ פּליך און ווער — מיט גרויע האָר,
עס האָט דערלעבט דעם פערציק־זעקסטן יאָר.
מיין זונעלע, אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך געשפּילט.
איצט איז נאַכט. ווי זאַכט ער שלאָפט, ווי מילד!...
די מאַמע האָט אים אָנגעזויגן, איינגעשלעפט אים מיט אַ ליד.
איצט שלאָפט זי מיד.
אָ, בלויע, זאַנפטע נאַכט, זיי גוט צו זיי!
נאָר, ווי אַלע נאַכט, זי כאַפּט זיך אויף מיט אַ געשריי
און כאַפּט דאָס שלאָפנדיקע קינד, אין אירע הענט:
— ראַטעוועט! דייטשן זענען דאָ!!!
— וואו האָסטו דייטשן? מיר זענען אין טאַשקענט...
וואו מלחמה?... ס׳גייט דאָס פערציק־זעקסטע יאָר!...
— זיי ווילן אומברענגען דאָס קינד! זע, דעם אַוטאָמאַט! —
אַנגסטן אויפן שטערן, זי ציטערט, ווי אַ בלאַט.
בן־עמי׳לע, מיין זון, צעשראָקן מיט אַ מאָל,
צעליאַרעמט זיך, צעוויינט זיך אויפן קול.
צינד איך אָן די ליכט
און לאַך זיי אין געזיכט
און גלעט זי דעם צעשויבערטן קאָפּ האָר.
בלייבער פון איר העמד, זי קוקט אויף מיר פאַרשעמט:
— זיי פייניקן אין חלום, ווען זיי קענען שוין ניט אויף דער וואָר...
— פאַרשאָלטן זאָלן זיין די דייטשן, ביזן צענטן דור,
אָנהויבנדיק פון פערציק־זעקסטן יאָר!

טאַשקענט, 1946.

# דזשעז

כ׳דערמאַן זיך אַצינד, ווי אַמאָל האָט אַ דזשעז
אין אַ קאַבאַרעט גערוישט און געגלאַנצט.
עס זענען געקומען פון האַרלעם דאַן געסט,
ס׳האָבן נעגער געזונגען, געשפּילט און געטאַנצט.
דער קאָנסומענט האָט פאַרגעסן דעם פּרעס,
פאַרווונדערט, פאַרגאַפט געגלאָצט האָט דער זאַל.
ווי׳אַ שטורעם אין אורוואַלד, געכעסט האָט דער דזשעז
און פּלוצלונג צעלאַכט זיך, ווי אַ וואַסער־פאַל...
די ווייניקע אויגן, זיי האָבן געבליצט,
די ברוינע געזיכטער,—נאָך ברוינער, צעהיצט.
עס שווינדלען, אין ריטם, צעטאַנצטע די פיס,
און ס׳רעוועט דער עולם צעווילדעוועט: „ביס!“ —
איך האָב געשטומט בעת דעם געשריי:
אין זיירע ניגונים געקלאָגט האָט דער ווײ,
פון פאַרטריבענעם נעגרישן פאָלק, אין דער פרעמד.
די בענקשאַפט נאָך דזשונגל, נאָך טייכן און ליים.
נאָך אַפריקעס זון, אויף אומענדליכן סטעפּ...
און האָס פאַר די רויבער, וואָס פון זייער היים,
מען האָט זיי אויף שיפן, פאַרקויפן געשלעפּט — — —

כ׳דערמאַן זיך אַצינד, ווען איך הער אויך אַ דזשעז,
יידישע כלי־זמר מיט פנימער בלאַס.
יעדער פון זיי, עס באַקלאָגט איצט אַ מת,—
כליפּעט יידלס פידל, יאָמערט שמערלס באַס.

אין זייערע אויערן—אַנגסטיק געשריי,
אין אויגן — דער אָפּגלאַנץ פון שריפות ביינאַכט,
די הערצער אויף כריעה צעריסן ביי זיי,
איז וואָס?—משה טעם ווילט זיך און לאַכט...
אַ זינגערין זינגט. איך הער אין געזאַנג:
די שכינה אין גלות, וו'אַ פידעלע וויינט.
ס'איז רחל פון קבר אַרויס שוין גאָר לאַנג,
—כביכול, לאָז שוין די קינדערלעך מיינע אַהיים!———
אַ טענצערן טאַנצט אַ בעטלער־טאַנץ,
זי בויגט זיך צו דרערד און שטרעקט אויס די האַנט—
פּאַריאָגט מיר פון זאַל, די טרער וואָס זי גלאַנצט
ביי מיר אויף דער באַק און עס ווערגט מיר די שאַנד.
איך הער, ווי דער עולם טופּעט די פיס,
ווי אָקסן פאַר שחיטה, רעווען זיי „ביס!“ —
אָ, גאָט, נעם אַראָפּ פון מיין פאָלק שוין די שאַנד!
נעם אַראָפּ שוין די שאַנד!

לענינגראַד, 1940.

# אויף אַ פרעמדן הויף...

מיינע לידער האָבן געפּילדערט אויף אַ פרעמדן הויף,
האָט זיך צעבייזערט אויף זיי אַ פרעמדער טאַטע,
מיט אַ שטעקן אַ סענקעוואַטן—
פאַריאָגט אַהיים; —
האָבן זיי געוויינט, מיינע לידער,
אַ גאַנצע נאַכט געוויינט.

מיינע לידער האָבן עפּל געריסן ביים גלח אין סאָד
און ווי צו דעם טאַטן, אַ שאַנד:
מען האָט זיי געכאַפּט ביי דער האַנט,
די הויזלעך צעריסן און אָפּגעשמיסן —
האָבן זיי געוויינט, מיינע לידער,
אַ גאַנצע נאַכט געוויינט.

און איך האָב זיי אַ גאַנצע נאַכט געשטראָפט:
פּילדערט נישט אויף פרעמדע הויפן,
עפּל קענט איר ביי אַ יידן קויפן,
האַקט נישט אויס קיין שווארצע שויבן,
דאַרט ליגן קיין לבנות נישט, איר זאָלט נישט גלויבן!

נאָר די לידער כליפּען אַלץ פאַרשעמט:
— טאָ ווו איז אונדזער הויף?
אַז אַלע הויפן זענען פרעמד!
אויב דער עפּל איז נישט אונדז באַשערט —
ווו־זשע וואַקסט פאַר אונדז די פרוכט?

אויף וועלכער ערד?
פאַרוואָס, געשמיסענע,
אונדז שטראָפסטו נאָך געהיים?
נעם בעסער אונדז ביים האַנט אָן
און פיר אונדז אָפּ
אַ היים!

וואַרשע, 1939.

# בדמיך חיי

צי מיט אַ טשעמאָדאַן, צי אָן אַ טשעמאָדאַן,
וועסט אָנקומען, אַראָפּגיין פון דער באַן
אין אַ פרי־פרילינגדיקן אינדערפרי,
אין אַ פרעסטלדיקן, אין אַ בלאַסן —
זיך לאָזן בלאָנקען איבער חורבות־גאַסן —
צי ביסטו הי? צי גאָר נישט הי?
דיין טראָט, אויף טראָטואַרן פון מצבה־שטיינער,
וועט אָפּהילכן מיט טעמפּן קלאַנג פון מענטשן־ביינער —
דיר וועלן ציטערן די קני,
נאָר שלאָג נישט קאָפּ אָן וואַנט פון ווייטיק און שגעון,
שטאַרק דיין האַרץ אין מאָרגן, אין דעם גרויען —
בדמיך חיי! בדמיך חיי!

זוך קיין פריינט נישט, זוך קיין שכנים,
זוך קיין קברים נישט פון קיינעם
און קיין זכר פון דיין מי,
וועסט קיין אָנדייט נישט געפינען —
נאָר דעם פּאָדעם דאַרף מען שפּינען
און דעם פּאָדעם ציִ!
זאָל מען בענטשן, זאָל מען שעלטן —
אַנטלויף פון פּוילן! שלאָג געצעלטן
אין דיין לאַנד, פאַרוואָרצל זיך און בלייַ!
פון פּוילנס ערד, שרייט בלוט פון ברידער —
עם קשי־עורף! לעבט דאָך ווידער!
בדמיך חיי! בדמיך חיי!

טאַשקענט, 1945.

# אַ ייד אין אַמעריקע

די שעה פונם מיטאָג,
זי איז אַ געשוואָרענע—
זיצט ער ביים טיש
מיט צוויי אויגן צעפּאָרענע:
איין אויג קוקט לינקס:
די אַנדערע—רעכטס.
אַ בליק אין דער ציימונג,
אַ בליק אין געקעכטס...
ער עסט אויף דאָס שיטערס,
ער עסט אויף ס׳געדעכטס,
ווען ער ענדיקט דעם קאָמפּאָט,
גיט ער אַ קרעכץ:
—ס׳איז ביטער אין גלות,
ס׳איז ביטער!

טיים איס מאָני —
דער טאָג איז נישט זיינער דאָך,
דער טאָג איז פאַר ביזנעס—
איז ווען זאָל ער דערגהנען?
ער טרעפט לאַנדס־לייט, פעדלער,
די קראָם אויף די הענט,,,
—געהערט? אונדזער שטעטל
אין יוראָפּ ז׳פאַרברענט!
—געהערט.—ס׳עט אים קאָסטן
אַן אַלטע פּאָר גאַטקעס.

עס וועט אים שוין קאָסטן
אַ טייערן סענט!...
—ס'איז ביטער אין גלות,
ס'איז ביטער!

פאַרן רב'ס בת־יחידה,
געוואָלט זיין אַ חתן.
איצט ווייסט ער: זי איז
מיטן טאַטן דערשאָסן,
דעם שוחט—געשאָכטן,
דעם חזן—געהאַנגען.
דעם חזן... ער געדענקט
זיינע כישוף־געזאַנגען— — — —
וואָס האָט ער פאַרטראַכט זיך?—
איצט דאַרף מען פאַרדינען!
נאָכן קריג, וועט דאָ יוראָפּ
אַ שיק־געבן גרינגע!!!
—ס'איז ביטער אין גלות,
ס'איז ביטער!

אַשכאַבאַד, 1943.

# ליבע

צי בין איך, אין וואָגל־טעג טריבע,
געוואָרן אין גאַנצן פאַר׳סם׳ט?—
וואָס זינגט נישט מיין מוזע פון ליבע?
כ׳געדענק נישט, ווי ס׳גייט דאָס געזאַנג...
ליבע ביי שווערע געמיטער,
ליבע אין פלירט און אין שפּאַס...—
ס׳איז צופיל מיין האַרץ היינט פאַרביטערט
און ס׳זינגט זיך נאָר לידער פון האַס!
נאָכן טויט פון היטלער־מוסאָליני,
אין אויפבלי פון יידישע טעג—
וועט אַ שפּיל־געבן מיין מאַנדאָלינע
ביים תל־אַביבער ימיקן ברעג...

אַשכאַבאַד, 1943.

# כ׳בין בייז...

כ׳בין בייז אויף דער קאַלטער לבנה,
וואָס גלייכגילטיק קוקט דאָ און דאָרט:
אויב זי האָט אַ האַרץ, איז מסתמא,
דאָס האַרץ פון אַ קופּערנער קוואָרט...

כ׳בין בייז אויף די שטערן פאַרשייטע,
איבער אומענדליכן סטעפּ,
וואָס גלאַנצן אַזוי־ווי פאַרנייטע
אין שינעלן, סאָלדאַטסקע קנעפּ...

כ׳בין בייז אויף דעם מילך־וועג דעם בלייכן,
וואָס וויגט זיך אין לויטערער נאַכט,
ווי מיין וועג דורך די שריפות און רויכן,
ווי מיין וועג דורך דער בלוטיקער שלאַכט.

דאָרט לייכטן זיי היטלערשע יונגען,
דאָ זעען זיי מיין ווייי און מיין שאַנד;—
און יידישע דיכטער נאָך זינגען
לידער פאַר זיי, אין מיין לאַנד!...

נאָוואָ־אוזיענסק, 1941.

# כ'האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט עס זיין...

וועט ער באַווייזן זיך נאָר אויף דער גאַס —
וועט אים אַרומרינגלען עקל און האַס.
ער וועט שוין נישט פרעגן מער דאַן, „וואָס איסט דאַס?"—
אַ דייטש וועט זיך שעמען צו זיין אַ דייטש.

אין יעדן קאַפע־הויז, ווו ער וועט אַריין,
ווער ס'זאָל אים באַדינען, וועט קיינמאָל נישט זיין.
ס'וועט יעדער אַרויסגיין און אויסשרייען „שוויין!" —
אַ דייטש וועט זיך שעמען צו זיין אַ דייטש.

ער ט'וועלן זיין מילד און צערטליך און לינד,
געבן צוקערקעס און גלעטן אַ קינד —
מיט אַנגסטיק געשריי ט'עס אַנטלויפן געשווינד —
אַ דייטש וועט זיך שעמען צו זיין אַ דייטש.

אין קינאָ־טעאַטער, ווו ער וועט אַריין,
פון זיינע שריפות, דערזען ט'ער די שיין,
אויף דער תליה, זיין קרבן, וויגט זיך נאָך היינט! —
אַ דייטש וועט זיך שעמען צו זיין אַ דייטש.

אין אַ קונסט־גאַלעריי, וועט ער קוקן זיין בילד.
מען טייטלט מיט פינגער אויף אים: „זע, ווי ווילד!"
דאָס בלוט ב'זיינע אָדערן, ווערן ט'פאַרקילט. —
אַ דייטש וועט זיך שעמען צו זיין אַ דייטש.

ווײל ער זיך נעמען אַ בוך אויף בײנאַכט,
אַ דײטשן דיכטער. דער בוכהענדלער לאַכט:
— איר האָט דאָך אַלײן אים פֿאַרברענט, ווי מיר דאַכט!... —
אַ דײטש וועט זיך שעמען צו זײן אַ דײטש.

וועט ער נעמען אַ בוך אין אַן אַנדערער שפּראַך,
דאָס בוך וועט אים פּלאָגן אַ גאַנצענע נאַכט:
עס דערצײלט נאָר פֿון אומגליק, וואָס ער האָט געבראַכט —
אַ דײטש וועט זיך שעמען צו זײן אַ דײטש.

וועט ער דאַן אויפֿשפּרינגען ווילד פֿון זײן בעט,
מיט אַ שטריק אויפֿן האַלדז, אַרײַן אין קלאָזעט.
זײן פּרוי, אײן שורה געפֿינען בלויז וועט:
„אַ דײטש דאַרף זיך שעמען צו לעבן אַלס דײטש".

דאַן וועט אויף זײן קינד און קינדס־קינד זײן די שאַנד,
אין יעטווידער שטאָט, אין יעטווידן לאַנד.
זײ וועלן שעלטן די טאַטעס און זײדעס מיט „בראַנד!" —
אַ דײטש וועט זיך שעמען צו זײן אַ דײטש.

אַשכאַבאַד, 1944.

# זינגער!

זינגער, זינגער, שוויַיג אַ רגע—
נישט קיין צייט איצט פאַר עליעגיע.

ווער ס'איז טויט, לאָז רוהיק ליגן—
האַק איצט אָפּ דעם טרויער־ניגון!

די וואָס קריכן, די וואָס גייען—
דאַרף מען מיט אַ וואָרט דערפרייען—

געבן מוט און געבן ווילן—
מאַכן זיי די פּיינען גרינגער.

קענסטו נישט?—דאַן הער אויף שפּילן!
קענסטו נישט?—דאַן הער אויף זינגען!

# גרויסע אויגן...

ווייל די שרעק האָט גרויסע אויגן —
ווערט צעשפּרייט אַלץ און צעצויגן,

ווערט אויף הונדערט מאָל געכּופּלט,
ס'ווערט אַ העלפאַנט פון אַן עופל,

פון אַ ווענטל, ווערט אַ מויער,
יעדער קלאַנג, שלאָגט צען אין אויער,

פון אַ טראָפּן, ווערט אַ רעגן,
פון אַ וועג, ווערט טויזנט וועגן,

נאָר צו בלאָנדזשענען אָן כּוחות
און דעם ציל נישט צו דערגרייכן...

פון אַן אומעט, ווערט אַ טרויער
און אַ בלאָנדע האָר, ווערט גרויער...

מערן קנייטשן זיך אויף שטערן,
ווערט אַ מוח דול פון קלערן,

ווערן רוקנס איינגעבויגן —
נאָר ווייל שרעק האָט גרויסע אויגן.

טאַשקענט, 1944.

# דיין שאָטן...

גיי, מיין פאָלק, דורך אַלע וועגן,
צו דעם מזרח, זון אַנטקעגן.

דיין געזיכט וועט זי באַשטראַלן—
וועט דיין שאָטן, הינטער פאַלן...

וועט דיין שאָטן שונאים שרעקן—
מער די הענט אויף דיר נישט שטרעקן.

—אָט אַ פאָלק איז דאָס געראָטן!...
זע, ווי מעכטיק ס'איז זיין שאָטן!—

וועלן זיי מיט יראה זאָגן
און אָנמוטיק זיך באַקלאָגן...

וואָס מער זונשיין אויף דיין פּנים—
מערער שאָטן פאַר די שונאים...

גיי, מיין פאָלק, דורך אַלע וועגן,
צו דעם מזרח, זון אַנטקעגן!
—גיי!...

לענגער־אוגאָל, 1344.

# מה טובו

מה טובו אוהלך יעקב!—
איך בין ווייט פון דיין געצעלט.
מיט קאַלטע שווערדן און מיט שרויטן,
מיט קייטן, קראַטן און מיט טויטן,
איז מיין וועג צו דיר פאַרשטעלט.

מה טובו אוהלך יעקב!—
זיי געבענטשט דאָרט ווו דו שטייסט.
אַז איך וועל פון דיר נאָר וויסן
שלום־שלווה׳דיקע גריסן,
וועל איך אויך דאָ זיין געטרייסט.

מה טובו אוהלך יעקב!—
צעפּראַל די פענסטער, צו דער זון.
ווער עס קוקט אויף דיר מיט שנאה,—
זאָל צעפּלאַצט ווערן פון קנאה,
ווי אויף שערבלעך—אַ משוהון.

מה טובו אוהלך יעקב!—
כ׳טראַכט פירצונצוואַנציק שעה פון דיר;—
ווערן שעה׳ען פולע לאָגלען...
אין אַ נאַכט וועל איך דערוואָגלען
און וועל קלאַפּן אין דיין טיר,————

אַשכאַבאַר, 1943.

# פאַרגיט!

ווען איך וועל באַטרעטן די ערד די באַנייטע,
ווען איך וועל באַטרעטן די ערד די באַפרייטע,

ווי וועל איך אין פּנים אייך קוקן? וואָס זאָגן? —
איך האָב אייך קיין צושטייער קיינמאָל געטראָגן;

איך האָב ניט געאַקערט, איך האָב ניט געזייט —
געקומען צום פּערטיקן, געקומען נאָך פרייד.

די פעלדער צעבליטע, אויף וווּנדער צו זען,
זיי וועלן מיר פרעגן: — וווּ ביסטו געווען,

ווען בלאָטע און זומפּ אונדזער לייב האָט באַדעקט,
מאַלאַריע־מאָסקיטן און אַנדערע שלעק?

דו האָסט נישט געפיבערט, דו האָסט נישט געקרענקט,
ווען דיין דור האָט פאַר אונדז דאָ קרבנות געברענגט.

אָ, ברידערלעך שטאָלצע, פון מיין ליכטיקן דור,
פאַרגיט מיר מיינע פוסטע דרייסיק יאָר!

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# קומט אַריין...

— — — קומט אַריין אין מיין דופטיקן סאָד,
שפּאַצירט אין די גרינע אַלעען; —
ווער אַ האַרץ נאָר פּאַר פריינטשאַפט, עס האָט,
וועל איך מיט אים פריינטליך זיך פרייען.

אין מיין ליכטיקן הויז, קומט אַריין,
אויב קיין שנאה אין האַרץ איז נישטאָ.
אַ יעדערער, ווער ס'זאָל נישט זיין,
שטענדיק, אין איטלעכער שעה.

עס וואַרטן די כוסות אויף וויין,
אויף ענטציקונג, וואַרטן די בלומען. —
ווער קען נאָך גאַסטפריינטלעכער זיין,
פון ייד, וואָס פון גלות ז'געקומען?———

סטאַלינאָבאַד, 1942.

# אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ

1

איגנאַצי דער דראָשקאַזש, ער איז בעל־הבית,
ער זיצט אויף דער קאָזלע מיט גדלות.
— און איציק דער דראָשקאַזש? — אַ פראַגע איז דאָס!...
ער טרייבט שוין נישט מער זיינע פאַדלעס!...

— פון רוסלאַנד אַצינדער געקומען צוריק?
פון עשעלאָן זיך געיאַוועט?
כ׳דערקען עס אָן הולך, כ׳דערקען אָן דיין בליק:
פאָזנאַטש פאַנאַ פאָ כאָליאַווי...

— נו וואָס־זשע, צום געטאָ אַ פאָר־טון געווים,
אַ קוק־טון, וואָס האָסט דאָרט געלאָזן?
כ׳פיר אַלע טאָג זשידקעס באַקוקן דאָס מיסט,
וואָס איז שוין באַוואַקסן מיט גראָזן...—

אַ דריי זיינע וואָנצעס, אַ פאָך מיט דער בייטש,
איך הוידע זיך אויף די רעסאָרן.
דאָס אָרט, ווו ס׳האָט געכטן געטראָטן דער דייטש—
ווי סדום, איז פאַרשאָלטן־געוואָרן.

2.

איגנאַשו, איגנאַשו, וואָס יאָגסטו אַזוי?
וואָס יאָגסטו אַזוי אומגעהויער?
פון יעטווידן ברוק־שטיין, איך הער אַ געוויי,
וואָס גווינט, ווי אַ שרויף זיך אין אויער!

קען זיין, ס'איז מיין מאַמע, מיין שוועסטער, איר קינד,
וואָס קענען דאָ רוהיק נישט פוילן!
— עך, זשידקי, וואָס קומט איר פון רוסלאַנד אַצינד?
ווער דאַרף אייך דאָ האָבן אין פוילן?

### 3.

צי בין איך דער אימשע, וואָס ווערט מיר נישט גוט,
ווען כ׳זע אַ צעשניטענעם פינגער? —
דאָ האָבן גענאָסן זיך טייכן פון בלוט,
געהאָנגען מען האָט ביי די צינגער, —

און טרוקן ז׳מיין אויג, כאָטש אַנטליי ווז אַ טרער
און ס׳האַרץ, ווי ביים מערדער, פאַרשטיינערט.
איגנאַצי שפּייט־אויס: — אַ זשיד איז אַ בער!
באַוויינסט נישט די עלטערנס ביינער?!

4.

נאָכן מבול פון בליי, נאָכן מבול פון בלוט —
שווערט נישט גאָט מיט זיין פאַרביקן בויגן.
און איך קום פון רוסלאַנד אָן שיך, אָן אַ הוט,
בלויז מיט צוויי טרוקענע אויגן.

עס טראָגט מיר דער געטאָ אַנטקעגן דעם טשאַד
פון נאָר־וואָס דערטליעטע פלאַמען.
אויף יעטווידן בערגל, קוק איך מיט חשד:
צי איז עס דער קבר פון מיין מאַמען?

איך פרעג ביי די קוימענס, ביי אייזנס, ביי שטיין,
ביים גרוז, ביי צעבראָכענע שטאַמען: —
איר עדות, קרבנות פון אומגליק אַליין,
ווו איז דער קבר פון מיין מאַמען?

איך פרעג זיך ביי שערבלעך, וואָס ליגן צעשפרייט,
פון ערדענע טעפּ און טשוהונעס:
ווען און ווי האָט מען מיין מאַמען געטויט?
מיט וועלכער פון מיתה־משונות?—

צעהוידען זיך חורבות מיט זומפּן־געברום:
„עלנטער, אָרעמער זינגער!“ —
פון חורבה, צו חורבה, אַ הונט שלעפּט־אַרום
אַ האַנט מיט צעגריזשעטע פינגער! — — —

.5

איך וועל זיך קיינמאָל דאָס נישט שענקען, מאַמע,
אין טאָג, ווען ביסט געגאַנגען דיין לעצטן גאַנג צום טויט, —
בין איך אין רוסלאַנדס הינטער־לאַנד געשטאַנען
אין אַ לאַנגן אָטשערעד נאָך ברויט.

עס האָט דער זויער־טייג, געריצט מיין גומען,
פריש־געבאַקנס, האָט צעריסן מיר די נאָז.
די לחמה האָט מיין שכל צוגענומען
אין לאַנגן אָטשערעד געקאָוועטן אין פראָסט.

און דו ביסט אויך דאַן אין אַ ריי געשטאַנען...
פון אַלע קינדער — איינזאַם און פאַרלאָזט;
ביידע זין — העט וויט, אַריבער גרענעצן און ים'ען,
ביידע טעכטער — אין אַ דייטשישן אָבאָז.

נאָכוואָס־זשע בעטן זיך ביים מערדער רחמים?
נאָכוואָס־זשע ברעכן זיך די בלייכע הענט? — — —
און איך, אין אַשכאַבאַד, געוואַרט האָב אויף אַ לחמה,
וואָס פאַר מיין בליק, געשוועבט האָט און געבלענדט.

## 6.

אָט דאָ געווען איז אונדזער היים,
דאָ האָב איך דיר געזעגנט, מאַמע; —
איצט זוך איך צווישן ציגל, ליים,
א זכר כאָטש, וואָס זאָל אָן דיר דערמאַנען.

פון צווייטן שטאָק, כ׳פלעג הערן אָפט דיין קול:
„איצעלע!“ — „אָט גיי איך, מאַמע!“
איצט, — אַ צעשמעטערטער, ליגט דאָ אין טאָל
דער באַלקאָן, אויף וועלכן דו ביסט דאַן געשטאַנען.

איך וויל באַצווינגען מיין זכרון
און זען דיך, מאַמע, מיט דיין צאַרטן שמייכל, —
טויכסטו אויף מיט אַ גרימאַס פון ווי און צאָרן,
מיט אַ פראַגע: „ווו ז׳געווען דיין שכל?“

זע איך, חורבות קוקן אָן מיך פול מיט האַס:
„אויך אַ זון!... נאָכוואָס אַהער געקומען?!“ —
און פלוצלונג ווערט דער בית־הקברות: נאָוואָליפיע־גאַס,
פול מיט אימה׳דיקן ברומען.

שפעטער, זע איך זיך אַליין,
ווי אַ חורבה, איינגעבויגן,
צווישן נאָוואָליפיער חורבות שטיין,
מיט יאָמער אין די פוסטע אויגן, — — —

7.

אַ שוואַרצער קאָטער מיט צוויי גרינע אויגן
גיט אַ שפּרונג אויף מיר, אַז ס׳בלייבט דאָס האַרץ מיר שטיין,
איך לאָז זיך לויפן דורך די חורבות־לאַבירינטן —
יאָגט מיר נאָך כּל־נדרי׳שער געוויין.

יאָ, דאָס איז דער יאָמער פון מיין מאַמען,
וואָס טראָגט זיך אויף די כוואַליעס פונעם ווינט!
דאָס איז דאָס כליפּעניש פון מיינע שוועסטער
און דאָס דינע שטימעלע פון לאה׳ס קינד!

פאַל איך כורעים מיטן הייסן קאָפּ צו פייכטער ערד:
— פאַרשטומט מיך נישט, פאַרשטומט מיך נישט פון זיך! — — —
ווערט די יללה שטום און סברומט דער ווינט אין אויער:
„לאָז די טויטע רוען, אַנטלויף פון געטאָ גיך!“

כ׳הויב אויף דעם קאָפּ, — איגנאַצי שטייט און רויכערט,
נעבן אים, דאָס פערדל, קייט זיך גראָז,
— זשידקי! — זאָגט ער — פאָרט קיין פּאַלעסטינע
און אונדזער פוילישע ערד פאַרלאָזט!

— מען קוילעט אייך, ווי הינער ערב יום־טוב
און ס׳ציט אייך נאָר אַהערצו, ווו מען שעכט!...
איך הוידע זיך צום באַן, אויף די רעסאָרן
און טראַכט ביי זיך: „איגנאַצי, ביסט גערעכט!“

.8

און אויף חסד וואַרט דער שוטה
און דער גלויביקער זאָגט תהילים. —
איך וואַנדער מיט שארית־הפליטה,
איך וואַנדער מיט מיין דור מעפּילים.

אין די נעכט פאַרלאָזט מען פּוילן
אָן אַ זיי־געזוּנט, פאַרשעמטע,
מען נעמט מיט זיך האַס און טרויער
אין די הערצער, די צעקלעמטע.

פאַר די קינדער, בלייך־צעשראָקן,
אָנגעגרייט איז ברויט אַ פּענעץ,
צו פאַרשפּאַרן זיי די מיילער,
ווען מען גנבעט זיך די גרענעץ.

אָ, פּוילנס הימל, ווער דערוואָרגן!
מיט דיינע לויכטנדע פּלאַנעטן! —
דער לעצטער ייד מוז דיך פאַרלאָזן,
ביינאַכט דיין גרענעץ איבערטרעטן.

שטשעטשין, 1946.

# שארית־הפליטה

אין טראַכט פון דער מוטער, זאָל פוילן דער זאָמען
פון די, וועלכע האָבן געשמידט אונדז דעם נאָמען,

געשריבן מיט בלוט פון קדושים, מיט פייער,
מיט שענדן וואָס הייליק איז אונדז און וואָס טייער,

מיט קרבנות צום אָפּגאָט פון העכערע ראַסן —
דער מענטש זאָל אַליין זיך אויף אייביק פאַרהאַסן.

פון וועלדער פּאָליעסיער, דער ייד פּאַרטיזאַנער,
פאַרהאַסט איצט זיין ברודער פון סטעפּ קאַזאַכסטאַנער.

און ביידע פאַרהאַסן דעם ברודער דעם דריטן,
פון בונקער, וואָס היטלער האָט אים נישט פאַרשניטן.

און וועם ס'איז געלונגען פון טויט זיך צו רעטן,
פון געטאָ, פון אויוון, פון גאַז אין קאַצעטן —

פאַרהאַסט אים זיין ברודער פון „אַרישער זייט"
און יעדער מיט גאַל אים אין פּנים עס שפּייט.

מיר זיצן אין דייטשלאַנדס גאָלדענע שטייגן
„אונרראַ" גיט פּראָשקעס און „דזשוינט" גיט אונדז פייגן,

צעריסענע גאַטקעס מיט גאַנצע הבטחות
און לעבט אייך און ווערגט אייך אַליין אויף צו להכעיס.

און שפּילט אייך טעאַטער און גיט אַרויס בלעטער
און זוכט זיך די „קאַפּאָ'ס" און זוכט די פאַררעטער.

און פרעסט אייך אַליין אויף איינער דעם צווייטן
און זעצט זיך אין תּפיסות און טוט זיך אָן קייטן.

און ווער נישט געשטאַנען איז פאַר קיין נסיון—
איז סיי־ווי אַ פאַרך ביז אין צאָפּ, ביז אין גרויען.

געפּאַלמעסט ביי יעדערן איז זיין געוויסן,
עס'איז אונדזער תּורה פאַרברענט און צעריסן.

מיר זענען געפאַלן, מיט אונדז אויך—יעהאָוואַ!
אַזוי־ווי דאָס שילדעלע: „שענקט אַ נדבה",

וואָס הענגט אויפן האַלדז פון דעם בעטלער דעם בלינדן-
איז „שארית־הפּליטה" אויף אונדז אָנגעבונדן.

און טראַכט פון דער מוטער, זאָל פּוילן דער זאָמען,
פון די, וועלכע האָבן געשמידט אונדז דעם נאָמען!

מינכען, 1946.

# איך פון סאָוועט, ער פון קאַצעט...

איך האָב געהאַט זיבן יאָר נויט,
ער האָט געהאַט זיבן יאָר טויט—
מיר קענען זיך מער נישט פאַרשטיין.

איך האָב געזען, ווי זיין ברודער דערפרירט,
געהילט אין בוראַנעס פון ווייסן סיביר—
מיר קענען זיך מער נישט פאַרשטיין.

ער האָט אַליין מיט די אויגן געזען,
ווי מען האָט אין טרעמבלינקע מיין מאַמען פאַרברענט—
מיר קענען זיך מער נישט פאַרשטיין.

זאָג איך אים „פאָלק", „צוקונפט", „לאַנד!..."
גיט ער אַ שמייכל, אַ מאַך מיט דער האַנט—
מיר קענען זיך מער נישט פאַרשטיין.

— צי גלויבסטו אין יום־טוב נאָך אויף אונדזער גאַס?
— איך קום פון גאַז, איך גלויב נאָר אין האַס! —
מיר קענען זיך מער נישט פאַרשטיין.

נירנבערג, 1946.

# אַכט שורות

.1

קינד מיינס, ס'איז די קריג געענדיקט,
קענסט דאָס דייטליך זען:
פון אַלע לענדער קומען דייטשן
צריק אַ היים פון פּלען.

וואַרט אַ קופּל ביר אין שענק,
די שוואַרצע קאַווע ברויט;—
און אין לאַגער אַ פאַרשפּאַרטער
זיצט דער גלות־ייד.

2.

פון געפאַנגענשאַפט, די דייטשן
קומען שוין אַ היים;—
איבער שניי־בערג וואָגלען יידן,
וואָגלען אין געהיים.

—שטילער, שטיל, מען וועט דערהערן!
עלנט, גרויל און פראָסט.
—ווי זאָל אַ קינד נישט וויינען?—ס׳פרירן
אויערלעך און נאָז!

3.

פון דעם אָדער, ביז צום ירדן—
פאָלג־זשע מיר א גאַנג!
ביי דעם אָדער זינגען דייטשן
ווידער אַ געזאַנג.

איבער גרענעצן באַוואַכטע
שלייכן מיר זיך אַלץ;—
אַ קינדער־טרער און ים־המלח—
וואָס האָט מערער זאַלץ?

.4

ווײַל כ'קען דאָס האַרץ נישט אַרויסרײַסן,
צו ליגן אונטער אײַערע טריט—
וועל איך רײַסן, פֿאַר מעפּילים,
פֿון מײַן האַרץ, דאָס ליד:

טרײסט פֿאַר אײַך, פֿאַר די, וואָס גײען,
עס זאָל שטאַרקן אײַער גאַנג:—
ס'וואַרט אַ שיפֿל. סוואַרט דער נגב,
ס'וואַרטן ברידער מיט געזאַנג— — —

.5

נישט פון ווייטן כ׳שיק מיין ברכה
אייך, אין שווערער צייט;—
מיט מיין פרוי און מיט מיין קינד,
מיר גייען זייט־בײ־זייט.

אַנשטאָט קלומיקלעך, מיר טראָגן
ווערטער פון דעם ליד,—
עס זאָל דרייסטער זיין און מוטיק,
זינגענדיק די טריט.

.6

בײ די ברעגעס װאַכט דער שונא,
לױערט שטיל און שאַ.
מוטיק ײדן! אױף דעם שונא
לױערט הגנה!...

הגנה!...—אין אונדזער אױער
קלינגט עס, װי מוזיק!...
הגנה!... הײסט: עם־ישראל
לעבט אױף אין לאַנד צוריק!...

# אויטאָ־פּאָרטרעט

ווען איך וואָלט פאַרמאָגט טראָצקיס בערדל
און מוסאָלינים פליך,
מאַהאַטמאַ גאַנדיס סמאָקינג
און טשאַרלי טשאַפּלינס שיך,
דעם גערער רבינס בייכל
און אחשורוש׳עס קרוין—
וואָלט איך, כ׳לעבן, געווען
אַ וואַזשנער פאַרשוין...

און וואָלט מען, דערצו נאָך,
מיט גאָלדענע רענדלעך געצאָלט,
פאַר יעטווידער שורה פון אַ פּאָעט—
וואָלט זיך אפשר געלוינט
צו שרייבען
מיין אויטאָ־פּאָרטרעט...

נאָר ליידער, אומבאַקאַנטע, נייגעריקע פרוי,
איז די מעשה אַזוי:
ווען איר וואָלט געוווסט,
ווי כ׳בין צויבערליך־מיאוס,
מיט וועלפּישע אויגן
און ציגענע פיס...

אַז כ׳האָב פיינט זיך אַליין,
ווי אַ מענטש האָט פיינט סם,
אַז מיט אומרו, פלאַטערט מיין האַרץ,
ווי אַ מעווע איבערן ים.

און יעדן טאָג,
ווי געיאָגט,
אַז איך אַנטלויף פון זיך אַליין—
דאַן זע איך אויס,
אין מיין גאַנצער פּראַכט
און אין מיין גאַנצער גרויס...
ווי אַ שטרויס־פויגל, ליבע פרוי,
יאָ־יאָ, ווי אַ שטרויס...

צי האָט איר אַ מאָל געזען, ליבע פרוי,
ווי אַ שטרויס־פויגל לויפט
מיט אַ תהילים אין האַנט
און זאָגט פון דאָרט פסוקים אַרויס?
ניין?
אַ שאָד—
אַזוי זע איך אויס...

און היות
גאָלדענע רענדלעך, פאַר לידער,
קען, בלויז אין חלום,
ציילן אַ פּאָעט—
פרעג איך אייך:
—לוינט זיך צו שרייבן
אַן אויטאָ־פּאַרטרעט?...

וואַרשע, 1939.

# אינהאַלט:

## 1.

## אונדזער לקוי־חמה...

.2

## אַמו־דאַריאַ און סיר־דאַריאַ



.3

## אין מיטל־אַזיע



.4

## זי...

# באמערקטע דרוק־פעלער:

צוליב ד׳ אומגעהויער־שווערע, פשוט אויסטערלישע באדינגונגען, ביי וועלכע דאס בוך איז ארויסגעגעבן געווארן, איז נישט מעגליך געוועזן קיין גענויע קארעקטור. איך מאך אויפמערקזאם די ח" לייענער אויף די גרייזן, וועלכע איך האב באמערקט אין דער לעצטער מינוט, ווען דאס בוך איז שוין געווען אפגעדרוקט. מעגליך אז עס זיינען דא נאך גרייזן, בעט איך ענטשולדיקונג.

דער מחבר.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| אויף זייט | 4 | שטייט | תמא׳דיקער | דארף זיין: | טמא׳דיקער |
| „ „ | 17 | „ | נאווא־אוזיעמסק | „ „ | נאווא־אוזיענסק |
| „ „ | 18 | „ | חלמות | „ „ | חלומות |
| „ „ | 22 | „ | קומט | „ „ | קוקט |
| „ „ | 23 | „ | תחריכים | „ „ | תכריכים |
| „ „ | 23 | „ | כריעה | „ „ | קריעה |
| „ „ | 26 | „ | ותהורים | „ „ | וטהורים |
| „ „ | 32 | „ | ישוע | „ „ | יהושע |
| „ „ | 48 | „ | תשלחני | „ „ | תשליכני |
| „ „ | 55 | „ | הונערטער | „ „ | הונדערטער |
| „ „ | 63 | „ | מכאל | „ „ | מיכאל |
| „ „ | 88,73 | „ | כריעה | „ „ | קריעה |
| „ „ | 85 | „ | תחלית | „ „ | תכלית |
| „ „ | 86 | „ | כופליים | „ „ | כפלים |
| „ „ | 121 | „ | קשי־עורף | „ „ | קשה־עורף |
| „ „ | 122 | „ | דעגהנען | „ „ | דאגהנען |
| „ „ | 142 | „ | וען | „ „ | זען |
| „ „ | 156 | „ | רבנים | „ „ | רבינם |